געזאַנג פון זון אויף אַלע ווייטע אײַזבערג,
געזאַנג פון ווינט אויף אַלע מאַסטען אין די ים'ען,
געזאַנג פון אַלע שפּינוועבען
אין אומדערפאָרשטע וועלדער,
געזאַנג פון ברוינעם לייוועגט־ווינדזיל
אויף מלך רעמסס מומיע,
געזאַנג פון אַלע ביינער אין די קבֿרים,
געזאַנג פון אַלע טויטע נעכט,
און אַלע אומגעבאָרענע באַגינענס —
אַלע זיינען מיינע,
סאַי איך זעה, סאַי ניט,
סאַי איך הער, סאַי ניט.
אַלע וועלען אָנקומען צו מיר
אויף אומגעזעהנע וועגען —
אויב איך וועל לעבען
גענוג מיליאָנען יאָהר.

.1920

# געזאַנג

געזאַנג פון גראָז,
געזאַנג פון ערד,
געזאַנג פון גאָלד־אַרץ אין געדערעם פון אַ פעלז,
געזאַנג פון צין־ווייסען טייך,
באָדענדיג דעם לייב פון דער לבנה,
געזאַנג פון אויסגעלאָש'נעם וואָלקען
ביים שוועל פון דער פאַרטונקטער זון,
געזאַנג פון הונגעריגען וואָלף
וואָס יאָמערט אויף זיין שניי־סטעפּ,
געזאַנג פון לאָקאָמאָטיוו מיט פייערדיגע אויגען,
יאָגענדיג דורך שוואַרצע רעגענדיגע פרעירים,
געזאַנג פון הונדערט מיילען ברענענדיגען וואַלד,
און סטאַדעס בופלען אין געלאַף פון פלאַמען,
געזאַנג פון ווייסען הייפעל אַש
געבליבען נאָכ'ן פאַסטוכ'ס פייער,
געזאַנג פון פערל אין אויער פון אַ קורטיזאַן,
געזאַנג פון גראָען טראָפּען אויפ'ן קראַנקען אָסטער,
וואָס שליימט זיך אין אַ פערל,
געזאַנג פון וואָרעם אין זיין פוכיגען באַדעק,
האַרענדיג אויף זיין שמעטערלינג־געבורט,

אַ שטאַרקער מאַן מיט ברייט געוועלבטער ברוסט,
און ים'ען מילדקייט אויפ'ן שעהנעם פּנים...

די אויגען האָבען זאַכט זיך אויפגעהויבען
און טרויריג האָט זיין בליק אַרויסגעשימערט,
און באַלד געשלאָסען האָט ער זיינע ברעמען,
און הין און הער געוויגט רחמנות'דיג זיין קאָפּ...

אַנטשוויגען איז דער טומעל פון דער מחנה,
און אין דער שטילקייט, ווי אַ נימפען־ליעד,
קלינגט ווייך און קלאָר דער מטרוניתא'ס קול,
„עקיבא, קיניגען און פירשטען האָט מיין בליק
געבראַכט צו מיינע פיס ווי שקלאַפען,
און דיינע פאַסט־טעג און דיין נזיר־לעבען
דיך וועלען פון מיין נעץ ניט שיצען..."

ווערט טרויריגער דער שיין פון תנא'ס אויגען,
און אויף די ליפּען צוקט אַ האַלבער שמייכעל;
„אָ מטרוניתא, זינדיג זיינען דיינע וועגען,
באַצוואונגען האָסטו קיניגען און פירשטען,
און דו אַליין וועסט איצט אַ שקלאַפען ווערען..."

אַרום דעם תנא'ס שטערען שפּיעלט אַ קרוין פון שימער,
און שטום, באַזיגט, אַנטציקט, פאַלט צו די קני
פון גרויסען מאַן די שעהנע מטרוניתא...
. . . . . . . . . . . . .

.1913

# די מטרוניתא

(פראַגמענט)

...געשפּאָלטען האָט זיך רעכטס און לינקס די מחנה,
אַ פרייען וועג צו מאַכען פאַר דער מטרוניתא —
ווי שוימענדיג זיך שפּאַלט דאָס וואַסער,
ווען אויף די וועלען רודערט שטאָלץ אַ שוואַן
צום הימעל שטרעקענדיג זיין שלאַנקען האַלז...
און פיער און צוואַנציג טויזענט פרומע קעפּ
געבויגען האָבען זיך פאַרשעמט צו דר'ערד,
און פיער און צוואַנציג טויזענט יונגע הערצער
איין אויגענבליק געשלאָגען האָבען זינדיג.
איין אויגענבליק — און דאַן האָט ווילדער כעס
אַרויסגעבראָכען ווי אַ שטורעם אויף דער פרעמדער:
„ווער וואַגט דעם תנאי'ס הייליגקייט צו שוועכען?"

דאָך שמייכלענדיג מיט האַלב־פאַרמאַכטע ליפּען,
די לאָקען דופטענדיג מיט נאַרד און מירע,
די אויגען גליהענדיג מיט יונגער לוסט,
געשפּרייזט האָט דרייסט די יונגע רעמערין
אין מיטען פון די שטורעמדיגע רייהען,
צום ווינקעל וואו דער תנאי איז געשטאַנען —

גאָט רופט די שלענג פון יעדען זאמד:
קומט עפענט אויף דעם שלונד און סמ'ט.
יונגע
גאָט פאַכט זיין רויטע רוט אין לאַנד,
גאָט וואַשט מיט בלוט, און בויט מיט בראַנד...

.1920

י ו נ ג ע

אַרויס צום פריהלינג שפּרינגט דאָס גראָז,
דעם טראַנק דערשפּירט דער לערער כוס,
און דעם פייל דערקענט דער בויגען.
אויפ׳ן רייטער האַרט דער פערד,
דעם טוי אַנטקעגען טראָגט די ערד
אַ פולען מוטערלייב מיט רויגען...

נ ז י ר י ם

אַ טייך גענאַד וועט זיין דער טאָג.
ווייסע טויבען פונעם שלאָג
אין דער מאָרגען־זון צעשאָטען...
פרייד פון ליכט, און רוה פון שאָטען.
פון די בערג געגעהנען טריט:
פריד אויף אונז, געבענשטער פריד...

נ ב י א י ם

ניט דערבאַרימט, ניט געוויינט,
די האַנט צום שווערד, דאָס האַרץ פאַרשטיינט.

גאָט טרעט אַ קעלטער מיט זיין פוס,
די טרויבען פיעל, און פול דער פלוס.

גאָט רופט דעם אָדלער פון זיין נעסט:
קום טרינק די וויינען פון מיין פעסט.

גאָט רופט די חיות מחנות־ווייז:
קומט עסט די פעלקער פאַר אַ שפּייז.

# בעקבתא דמשיחא

(פראַגמענט)

כהנים

אין דער פינסטער פלאַטערען באַגעהרען,
וויי פייער־פליגען אין דער בלינדער נאַכט,
טייל אין גלגול פון פאַרשעמטע טרערען,
טייל אין תפילות אום באַנייטער מאַכט.
קלייבען זיך באַגעהרען, כפל'ן זיך די תפילות,
שטייגען וועלען, הויבט זיך אויף אַ נילוס
איבער זיינע ברעגען, און באַגיסט
מיט פרוכפערקייט די זאַמדען פון דער וויסט...
וואַקסט ווי אַ בוים פון מיטען פלוין,
אַ קיניג אָהן אַ טראָן און קרוין...

זקנים

ווער וועט הערען ווען קיין שופר וועט ניט שאַלען?
ווער וועט אָטמען אומאַנטפלעקטע שטראַלען
אין טוי פון וועהטאָגפולע אויגען?
ווער וועט מערקען זיינע פיינען,
ווער — די שטראָמען מאַכט וואָס זיינען
פון גאָט'ס קוואַל צו איהם געצויגען?...

ברעכט דורך דער יאָמער אַלע זיבען הימלען,
דערגרייכען ביז כביכול די געטימלען,
ווערט מיט אַמאָל דער כסא־הכבוד טונקעל,
און שוואַרץ זיך שלייערט פון גאָט'ס קרוין דער פונקעל,
און וואו אַ מלאך טוט דעם יאָמער הערען,
פאַרדעקט ער מיט די פליגלען זיינע טרערען,
און וואו אַ כרוב וויל גאָט מיט ליב באַשעהנען,
הערט ער אין מיטען אויף און הויבט אָן וויינען...

געדויערט זייער קלאָגען שעה'ן, שעה'ן,
ביז אויפ'ן מזרח הויבט דער טאָג אָן גראָען...
צערינען אַלע געסט, ווערט פוסט דער חדר,
טוט אָן רב יוסף זיינע לייווענט־קליידער,
ווישט אָפּ די פייכטע פּאַסען פון די באַקען,
און געהט אין שטאָדט וואו ערגעץ האָלץ צו האַקען,
וואו לאַסט צו טראָגען און וואו ליים צו שלעפּען,
וואו זשאָרנעם מאַהלען און וואו וואַסער שעפּען...
. . . . . . . . . . . . .

.1919

# די־לו־ריינה

(פראגמענט)

אַ שעה אין נאַכט גינט יוסף די־לו־ריינה
צו רוהען אויף אַ שטיין די גליעדער זיינע.
קוים איז די קורצע שעה אַוועקגעלאָפען,
שפרינגט אויף דער קאָפּ ווי פון אַ שלאַנג געטראָפען...
ער וואַשט די הענט, און שווענקט די מידע אויגען,
ער זעצט זיך אויף דער ערד דעם קאָפּ געבויגען,
און זיינע ברעמען ווערען פולע לאַגלען,
און גיסען טרערען אויף דער שכינה'ס וואַגלען...

ווערט מיט אַמאָל דאָס ענג און אָרעם צימער
באַפלייצט מיט ווייסקייט און מיט העלען שימער,
און שטילע קומען איינער נאָכ'ן צווייטען,
די טויטע למד־ואו זיין טרויער צו באַלייטען...
פון אַלע דורות און פון אַלע צייטען,
פון יעדער נאָהנטען לאַנד און יעדער ווייטען...
די אויגען ברענען אין די איינגעפאַל'נע גריבער,
און ווי ער קלאַגט, איהם קלאַגען זיי אַריבער...

דאָס ליעד פון טרויער וואָס איז טרייסט,
דאָס ליעד פון טויט וואָס גרייסט...

.1920

# מאַקסוויני*

ניט מיין פלייש און ניט מיין ביין,
ניט מיין צער און ניט מיין בראָך,
דאָך געה איך פון דער ווייטען נאָך
דיין אָרון, מיט פאַרקריצטע צייהן
פון בלאַסען כעס און גרויל באַנומען.
פון מיר און פון מיין שטאַם,
פון היינט און פון די טעג וואָס קומען,
שיק איך איבער לאַנד און ים
צו דיין געדעכענים אַ לויב.
געבענשט דער שטויב
וואָס דו וועסט הייליגען מיט דיין געביין,
געבענשט דאָס פאָלק וואָס וועט אין זיין געוויין
נאָך דיר, געפינען
אַ נייע שטאַרקונג פאַר זיין האַנט.
געבענשט דאָס לאַנד
וואָס וועט אַרום דיר שפינען

---

* דער קעמפפער פאַר אירלאַנדער פרייהייט וואָס איז געשטאָרבען אין אַן ענגלישער תפיסה נאָך אַ פּראָטעסט-הונגער פון 72 טעג.

קליפּער־קלאַפּער טאָג און נאַכט,
ביז דו האָסט אַ קייט געמאַכט.

רינגען, רינגען, רינגען,
קעהל און זעל און לייב באַצווינגען,
רינגען...

.1921

# קייטען

וואָסער רייכטום וועט אצונד
קויפען היילונג פאַר דיין וואונד?
ברענגט מען אוצרות פאַר דיין שוועל,
גאָלד און זעק, צו דיין באַפעהל —
נעהם אַ האַמער און צעשטויס,
מאַך אַ פייער ברייט און גרויס,
פליקער־פלאַקער נאַכט און טאָג,
ביז דו מאַכסט דערפון אַ גלאָק.

קלינגען, קלינגען, קלינגען,
ביז די אויערען צעשפּרינגען,
קלינגען . . .

וואָסער הילכען וועט אצונד
ברענגען היילונג פאַר דיין וואונד?
פלאַצט די גלאָק, די האַנט איז שטאַר,
און ניט צוגעהערט דיין צער.
נעהם די גלאָק און ברעך אין צוויי,
שטיק און איהר דאָס לעצט געשריי,

אַט איז דער שפּרוך מיט הויט און פלייש באַצויגען...
דערקען דו נאַסער צווייג —
אַלע וועלדער ברענען אין אַ העלען פלאַקער,
און שפּרינגען קעגען הימעל...
איטליכער פון אונז — דאָס וואָרט פון גאָט,
די האַנט פון גאָט,
און דו אַ בלייכער, ברעכענדיג די הענט אין אַנגסט
פאַר דער גרויסער זעהונג, פאַר דעם גרויסען בראַנד...

אין וואונדערליכע צייטען טרעפען זאַכען אַלערהאַנט,
און אָפּטמאָל הויבט זיך אויף אַ לאַנד
און משפט איהר פּראָפעט:
דו ביסט אַ שפּריי געווען, און האָסט דעם ווינט געשפּיעלט,
האָסט ווי אַ ריעז גערעדט, און ווי אַ קאַרליק ניט דערפילט...

1919

# ג ע פ ע ל ש ט *

אין וואונדערליכע צייטען טרעפען זאַכען אָהן אַ שיעור,
און אָפט פּאַסירט, אַז ס׳קומט דאָס פאָלק צום נביא׳ס טיר
און זאָגט: הער ד ו פון אונז דאָס וואָרט פון גאָט:
אַ זעהונג האָט דיין אויג געזעהן,
ליכטיג ווי דער מאָרגען אויף די בערג,
אַ שפּרוך איז אין דיין ליפּ געלעגען
פלאַמיגער פון פייער, מאַכטיגער פון שווערד,
צו רייסען בערג און ברעכען פעלזען,
צו נידערען און הויבען,
צו העלפען און דערלייזען —
און ד ו ביסט פאַר דיין זעהונג
אין שרעק געפאַלען...

אין וואונדערליכע צייטען טרעפען זאַכען אַלערליי,
און אָפטמאָל הויבט זיך אויף אַ ווילד געשריי
אַרום דעם נביא:
אָט א י ז די זעהונג,

---

* געשריבען דעם טאָג וואָס ווילסאָן איז צוריקגעקומען פון פּאַריזער שלום-קאָנפערענץ.

בלוט פון ברידער,
בלוט פון ווייבער,
בלוט פון קינדער,
זאָלסטו האָבען.
ערד, דו ערד,
אַ בונד פון פיינטשאַפט לאָמיר ביידע שליסען
קעגען הימעל און זיין חרם...

.1920

# קין

שטרעקט קין אויס אַ רויטע האַנט
אַקעגען הימעל:
איך שפּעט פון דיין פאַרשילטען און דיין צאָרן,
וועסט דונערען דיין חרם איבער מיר,
און קללות העפּטען אויף מיין לייב,
און אונטער מיינע פוס־טריט
וועט די ערד זיך פּעטען
מיט דעם טראַנק וואָס כ'האָב דערין געגאָסען.
הויכע זאַנגען וועלען שפּראָצען דיר אין פּנים,
לאַכענדיג פון דיינע שטראָפען.
ערד, דו ערד,
אַ בונד פון פיינטשאַפט לאָמירביידע שליסען
קעגען הימעל.
נעהר מיך פון דיין פעטען רייכען לייב,
פיטער מיינע אָרעמס
פון דיינע ברייטע בלינדע אייטערס.
וועלען דיינע זאַפטען אויסגעהן,
וועל איך פון דעם נייַ
מיין רויטע גאָב דיר ברענגען,
מיין רויטען טוי דיר גיסען אין דיין שוים.

וואָס זאָל דער חרם זיין ? —
שטילערהייט און נאָכאַנאַנד,
און ווי די בלעטער פון אַ ברייטען וואַלד,
דורך אַלע לענדער און דורך אַלע צייטען
אַ שוואַרץ געדעכעניס:
„פאַררעטער! ..."

.1919

# פאַרדעטער

און דער וואָס האָט געפעלשט
אַן זיינע ברידער,
אַן לעבעדיגע און אַן טויטע,
אַן לעבעדיג פאַרשאָטענע
אין קברים אויסגעגראָבען מיט דער אייגענער האַנט,
אַן ווייסע בערד געקניפּט צו עקען פערד,
אַן מוטער־בריסט מיט באַיאָנעטען אָפּגעשניטען,
אַן מיידעל־לייבער, וואָס דערטרינקען
אין ברונימער די שאַנד —
דער וואָס האָט געפעלשט אַן זיינע ברידער,
און פאַרלייקענט זייער פּיין,
וואָס זאָל זיין חרם זיין ?
מיט שווארצע ליכט ?
מיט שופרות פאַר'ן ארון קודש ?
מיט קללות אויף די ליפען ?
אַלע שווארצע ליכט פאַרלעשען וועט אַ בייזער היך ;
אַלע שופרות וועט פאַרשרייען
דער הילך פון גאָלד,
דער קלונג פון שפּאָרען ;
אַלע קללות וועט פאַרמעקען
די גלאַטע צונג אין דער פערשייטער פּנים...

דער וואָס געהט דיר תמיד נאָך,
דער וואָס האָט באַשערט דיין בראָך,
דער וואָס האָט מיליאָנען פּים,
און דו ווייסט ניט וואו ער איז,
דער וואָס האָט מיליאָנען הענט,
און האָסט איהם כאַפּען ניט געקענט...

.1919

# דער ציקלאָפּ

זוכט און טאַפּט דער בלינדער ריעז,
פלוכט און קלאַפּט מיט זיינע פיס,
שטרעקט די שטאַרקע אָרעמס אויס:
„וואו איז דער וואָס צינדט זיין הויז?“
שטיקט דער רויך, דער באַלקען ברענט,
זעצען פלאַמען פון די ווענט,
און דער בלינדער ריעז שפרינגט אום:
ווער צעשטערט זיין אייגענטום?

שפּרינג אַרום דו ריעז־ציקלאָפּ,
לאָז דיין שווערע האַנט אַראָפּ,
כאַפּ אַ קאַרליק און צערייס,
שלאָג אויף רעכטס און לינקס, און ווייז
אַלע שרעקען פון דיין פויסט,
אָבער הער: דאָס פייער ברויזט,
פול מיט פונקען דיינע האָר,
נאָך אַ רגע, נאָך אַ פּאָר,
פאַלט דער דאַך, דאָס הויז צעקראַכט,
און פון הינטען שטעהט און לאַכט.

און דו וועסט ווידערשפעניגען און זאָגען:
איך וויל ניט זיין דער וועכטער אויפ׳ן טורעם,
איך וועל זיך איינריגל׳ען פון שטורעם,
און ל׳עגען אויף מיין מויל א שלאָס,
איך וועל זיך ווי א שטומער יאָזש
אין שטויב צוזאַמענקנויל׳ען,
און אַ פאַרשטאַרטער קוקען
אין די גיהנום־גרויל׳ען...

---

וועט דענסטמאָל פאַל׳ען אויף דיין רוקען
אַ האַנט פיעל שטאַרקער פון דיין וועה,
און דו וועסט ציטערען און צוקען,
ווי אַ פּינק געטרייסעלט אין אַ פייער־פאַן,
ווי אַ קערן שפּריי
געטריבען אין אַן אוראַגאַן,
און דו וועסט הערען
פון נאָהנטען און פון ווייטען:
מאַך פון האַרץ און מח שייטען,
לאָז פאַרצעהרען
וואָס דו האָסט און וואָס דו ביסט,
און וואַרף די קויהל׳ען אין דער וויסט
מיט פולע הויפענס, און ניט פרעג —
די מחנות זיינען אויפ׳ן וועג...

.1920

# אויפ'ן וועג

וועסט דיינע אוצרות לעגען אויפ'ן בראַנד,
און וועסט די פלאַמען וואַרפען
אין פינסטערנים, אין מדבר־לאַנד,
און נאָכדעם וועסטו דיינע אויגען שאַרפען:
ווער האָט אַ שווערד, ווער האָט אַן אַקער
געהאַמערט אין דיין גלות?
וואו איז אַ טראָפּען בלוט
געוואָרען טרוקען פון דיין פלאַקער?
און ניט אַ פונק פון פינסטערע געצעלטען
וועט ענטפערען דיין טרייסטען, צי דיין שעלטען,
דיין ליעבשאַפט, צי דיין צאָרן...
דיין קעהל וועט זיין אַ האָרן,
און שאַלען פריה און שפעט,
אַמאָל געבאָט, אַמאָל געבעט,
און ניט צומאָל
אַן אָפּרוף אָדער ווידער־קול
וועט דיר דער ווינט פאַרטראָגען,
און ניט אַ שטערן וועט דיר חבר'ש ווינקען...
און דיינע אָרעמס וועלען זינקען,

# צווישען קברים

האָט דיין ליבשאַפט ניט דיין כעס באַרוהט,
און האָט דיין פיינטשאַפט און דיין צאָרניג בלוט
צומאָל ניט שטאַרק געמאַכט דיין אָרעם,
צעריים דיין קלייד, און לאָז פאַנאַנדער
דיינע האָר און וואַנדער
אום אין שוואַרצע נעכט אַרום די קברים,
און טראַכט ניט וואָס דו וועסט,
און פרעג ניט וואָס דו ביסט,
נאָר ווי אַ טויטער וואָרעם
דרעה זיך איין אין טויט און פעסט,
און ווי דיין האַרצבלוט גיסט
אַ טריף נאָך אַ טריף, לעק ווי אַ הונד
אַ גוסס'ער דיין אייגען וואונד...

.1920

און גאָר ניט וועסטו שמידען,
שמיד דו יונגער,
שמיד דו בלינדער...

.1919

# שמיד דו יונגער

שמיד דו יונגער —
שטאַרק דיין אָרעם,
שווער דיין האַמער,
פעסט דיין אַמבאָס,
שעהן דיין ליעד צום אַייזען,
צום רויטען אָנגעגליהטען אַייזען...
ציהסט דעם שוואַרצען בלאָז־זאַק,
פּאָכסט די ווייסע צונגען,
קרוינסט דיין קאָפּ מיט רויך און פונקען,
און שלאָגסט, און זינגסט, דו ריעזיג קינד...

שמיד דו יונגער,
שמיד דו בלינדער —
דעם אַייזען אונטער דיר,
דעם אָנגעגליהטען רויטען אַייזען...
האָט עמיצער גענומען...
און דיין האַמער פאַלט
צום האַרטען אַמבאָס,
און דיין שמיד־ליעד שאַלט
צום קאַלטען אַמבאָס,

# דער פונק

ווי וועט דער בוים זיך וועהרען ווען דער דונער ברעכט זיין
וועג?
ווי וועט דער שייט זיך ראַנגלען אין די צייהנער פון דער זעג?
און ווי דיין בלעכען שווערדעל קעגען האַק פון אשמדאי?
אַ פונק איז דיר אין אַש געבליבען, דעק איהם אַיין, און זיי
אַ היטער אויף דער וואַך, און ניט אַ רגע זאָל די קלעם
און מידיגקייט פון וועהטאָגען פאַרשלעפערען דיים ברעם.
און איין באַגעהר נאָר זאָלסטו טראָגען אויף דיין בלאָער ליפּ,
און איין בקשה זאָלסטו מורמלען צו דיין שעפער: „גיב
„ניט היים געבליט, ניט ווייסען כעס, און ניט אַ שאַרפע צונג
„צו מאָנען אָדער לעסטערען, צו קללות אָדער שפּאָט,
נאָר שטאַרק דאָס הארץ, און שטאַרק די האַנט, צו שירעמען
דעם פונק
„וואָס צאַנקט אין ווינט — אַ לעצטער איבערבלייב פון דיין
גענאָד.“

.1920

## אויפ׳ן באַרג

פון באַרג אַראָב אין טאָל,
ווי האַמערס שטאָל
געקלונגען האָבען דיינע רייד,
און שלאָפע האָבען זיך מיט מאַכט באַקליידט
צום דונער פון דיין קול.
וואָס ביסטו פון דיין פעלז אַראָפּ?
וואָס פאַר אַ גאָב
נאָך האָסטו אונז צו געבען?
דיין לעבען?
אַ טראָפּען וועסטו אונז פאַרמעהרען,
און טראָפּען צווישען טראָפּענס וועסטו ווערען.
קעהר ווידער צו דיין באַרג,
און זיי באַשירעמט און פאַרבאָרגען,
און נאַכט און מאָרגען
היים אונז זיין שטאַרק...

1920,

רינגעלט איהם אַרום באַנאַנד,
זאָגט: „דו ווייסט ניט פון דיין מאַכט,
אונזער שאַנד האָט דיך געבראַכט,
אונזער נויט האָט דיך באַשערט,
אונזער כעס האָט דיך גענעהרט...
דו פאַראַוים, און מיר באַנייט
אויסגעוואַקסען וואונדער־לייט...“

.1920

# פ י ה ר ע ר

האַלט די גלות און שטיקט דעם רויך,
אָהן אַ קול און אָהן אַ הויך
טרינקט די טרער, און שלינגט די פּיין,
שטעהט ביים וועג טאָג אוים טאָג איין,
געהען מענשען אָהן אַ צאָהל,
ווער צום באַרג און ווער צום טאָל,
קוקט אין איטליכענ'ס געזיכט,
זוכט אין יעדער אויג אַ ליכט...
קיינער וויים ניט וואָס איהם יאָגט,
קיינער וויים ניט וואָס ער טראָגט,
ווערט איהר שטעהן אין שטומען צער,
מיט געבעט צו אייער האַר,
מיט'ן בליק אויף ווייט און נאָהנט,
ביז איהר האָט דעם מאַן דערקאַנט.
דענסטמאָל קושט זיין מאַנטעל־ברעג,
וואַשט פון איהם דעם שטויב אַוועק,
לאָזט ניט אָפּ און געהט איהם נאָך,
זאָגט: „מיר אַלע זיינען מאָך,
דו — די פעסטע טורעם־וואַנט..."

(2)

זאָג אָן, זאָג אָן . . .
גיב דעם שופר מיר אין מויל,
איך אַליין וועל שאַלען,
און איך אַליין וועל זאָגען :
אַ שופר שאַלט,
אַ ליכט איז אויפגעגאַנגען,
און איך אַליין וועל האַרכען
צו מיין שאַלונג,
און לאַכען,
און וויינען :
אַ שופר שאַלט,
אַ ליכט איז אויפגעגאַנגען . . .

.1920

# מאָרגען

(1)

מאָרגען
וועלען גרויסע בלומען פלאַצען פון די בעכערס,
און שפּרינגען אין געזיכט דער זון.
מאָרגען
וועלען שאַלען די געלעכטערס
פון הונדערט לויז־געלאָזטע טייכען.
מאָרגען, מאָרגען —
און די שווארצע שעה'ן קריכען
אָנגעזויגענע מיט בלוט.
מאָרגען וועלען אַלע טויטע לעבען —
און די שעה'ן קריכען,
און ווערען מינער,
מינער... מינער...

# זיין וואָרט

און ווען און וואו ער וועט קומען,
וועט זיין זיין וואָרט אַ בליץ
צו צינדען און פאַרברענען
וועט זיין זיין וואָרט אַ שטיץ
אַן וואָס זיך אָנצולעהנען.

און ווען און וואו ער וועט קומען,
וועט זיין זיין וואָרט אַ שלאַנג
די פוילע זעט צו סמ'ען;
וועט זיין זיין וואָרט אַ טראַנק
געמישט פון פראָסט און פלאַמען.

און ווען און וואו ער וועט קומען,
וועט זיין זיין וואָרט דער שרעק
פון טרייסטער און באַשעהנער;
וועט זיין זיין וואָרט אַ שטעג
געהאַקט דורך טויטע שטיינער...

.1920

און ניט דו שווענקסט פון זיך דעם שפּאָט,
נאָר דו ליעגסט און מויז'סט
און גראָבסט זיך אין דיין אָרימען פאַרמעג
פון האַס און גרויל און שוואַרצע טעג..

.1920

# האַס...

זיצסטו אויף דיין פינסטערען געפעק
פון האַס און וועהטאָגען און שרעק,
מיט אַלע נעגעל איינגעגעסען.
טרערסטו דורך די נעכט, און שווערסטו דורך די טעג
„ניט פאַרגעסען! ניט פאַרגעסען!"
צאַפּסטו דיינע קללות און דיין צאָרן
אין אַ הייליג קריגעל,
און שטעלסט עס אין אַ ווינקעל פון דיין ארון
פאַר דעם קינד אין וויגעל,
פאַר די שפּעטע קומער...
ליעגסטו אַ געבייגטער און אַ קרומער
און חשבונ'סט נאָך די צאָהל פון קברים,
און דערזוייל אַ גראָער וואָרעם
נאָגט דיין לייב, און פרעסט דיין פויסט
און ניט דו מויערסט, ניט דו בויסט,
און ניט דו ברענגסט אַ קערן זאָט

האָט אָנגעשפּאַנט פון ווייטע לענדער איינער
ווי אַ פעלז אַ פעסט־געבויטער,
ווי ערד געזונד, און ווי אַ האַמער שטאַרק,
און יונג און לויטער
ווי אַ וואַסער־פאַל פון באַרג:
„הילף דעם נאָהנטען און דעם ווייטען!
היילונג פאַר דעם קראַנקען און צעוואונדטען!
ווער וויל אַלט און קרעציג בלוט פאַרבייטען
אויף ריינעם און געזונטען?"

איז אַ בלינדע מורא
פון שוואַרצע גרונטען אויפגעשפרונגען,
האָט מצורע צו מצורע
אין אַנגסטען זיך גע'חבר'ט,
האָבען האַלב־פאַרפוילטע צונגען
גיפטענדיג געגאַוועט:
„ניט טרעט אויף אונזער ערד, ניט קום אין אונזער מיט,
טויט איז אין דיין אויג, און פעסט אין דיינע טריט..."
. . . . . . . . . . . . .
„וואָס זעהען דיינע אויגען, וועכטער?"
פלאַצט ער אויס אין ווילד געלעכטער:
רייסט מיר אויס דאָס האַרץ פון שייד,
און לאַזט דאָס בלוט צערינען,
וועט איהר אין דעם בלוט געפינען
אייער פינסטערען באַשייד..."

.1920

# אַ מאָטיוו

„וואָס זעהסטו פון דער ווייטען, וועכטער?“
ברעכט ער אוים אין ווילד געלעכטער:
„רייסט מיר אויף די אינגעוויד
און לאָזט דאָס בלוט צערינען,
וועט איהר אין דעם בלוט געפינען
אייער פינסטערען באשייד...“

„וועכטער, אונזער אָרעם איז באַנומען,
אונזער פוס איז שטאַר;
זעהסטו פון דער ווייטען קומען
אַ היילער און אַ האַר?“

ווערט דעם וועכטער'ס צונג אַ שווערד:
„הערט!
אַן עסיגע צרעת איז אומגעקראָכען
אין אייער פלייש און ביינער,
האָט איהר מיט די הענט געבראָכען:
וואו דער שטאַרקער און דער ריינער
די קרענק צו שווענקען פון די קנאָכען.

און ניט איך האָב אַ טרער פאַרוועגדט
ווייל כ'האָב קיין אויגען ניט געהאַט.
און מיט אַמאָל האָט רונד אַרום מיר אויסגעבראָכען
אַ ווילד געקלאַפּער אין די הורבעס קנאָכען,
און פון דער לינקער זייט און רעכטער
האָט שאַרבען אָן אַ שאַרבען זיך געשטויסען,
און צייהן אָהן מיילער האָבען זיך געטרייסעלט אין אַ גרויסען
פאַרכטיגען געלעכטער...

---

און ניט איך האָב געבראָכען מיט די הענט —
ווייל כ'האָב קיין אָרעמס ניט געהאַט,
און ניט איך האָב אַ טרער פאַרוועגדט —
ווייל כ'האָב קיין אויגען ניט געהאַט...

.1920

# אין טאָל פון טויטע ביינער

מיך האָט אַ שטאַרקע האַנט געשלעפּט
אין פינסטערנים, און אויסגעוועבט
פאַר מיר דעם טאָל פון טויטע קנאָכען,
און פון דער טיעפקייט איז אַ קול אַרויסגעקראָכען
ווי אַ בלינדע נאַכט־פליג אויפ'ן שוועל
פון טאָל, און יאָמערליך געזוכט אַ ק ע ה ל.
און אויפ'ן גאַנצען פעלד די ריפּען
האָבען ווייסלענדיג געהאַרט אויף ליפּען,
וואָס זאָלען הייסען ביין צו ביין זיך פּאָרען.
און ווי איך האָב באַקוקט דאָס טרוקענע געביין,
און ווי איך האָב געהערט דאָס שטום געוויין,
וואָס האָט געגליווערט ווי אַ שוואַרצער אָרון
צווישען ערד און הימלען,
האָט דאָס שימלען
פון דעם טאָל געשפּיגעלט מיין געשטאַלט,
און זעה, איך בין געוועזען אָהן אַ קעהל, און קאַלט
און שוואַרץ
געהאַנגען איז מיר אויפ'ן ברוסט אַן אויפגעשניטען האַרץ,
און ניט איך האָב געבראָכען מיט די הענט —
ווייל כ'האָב קיין אָרעמס ניט געהאַט,

(3)

פון שטורעמדיגע אינדען האָט אַ פעלז אַרויסגעשטאָכען,
אין איך בין אומגעשוואומען ווי אַ טויטער פיש
מיט גרויסע קאַלטע אויגען... האָט אַרויסגעבראָכען
פון האַרץ פון פעלז אַן אומדערבאַרימדיג געמיש
פון שרעק און פון געשפעט, פון צאָרן און געוויין:
„צעברעך דעם שטיין!"

(4)

אַ מדבר קברים האָט זיך ווייט און ברייט געצויגען,
און אין דער מיט געשפרייזט האָט איינער מיט אַ הוילען
און שטאַרקען אָרעם, און די ברוסט אַרויסגעבויגען...
און ווי ער האָט באַשוואָרען, און ווי ער האָט באַפוילען,
האָט איהם פון דר'ערד אַ הייזעריגער קול צעגרווילט:
„צעפוילט... צעפוילט..."

.1920

# זַעהונגעַן

(1)

אין דעמערונג געפלויגען איז א גרויסער ראָב,
אוּן מיט אָ שאַרפען שנאָבעל מיר דעם וועג געוויזען,
אוּן רעכטס אוּן לינקס, וואוהין איך האָב געקעהרט דעם קאָפּ,
פון ערד אוּן בוים אַרויסגעשפּרונגען זיינען ריעזען
מיט שווערע קייטען איבער זייער גאַנצער גרייס:
„דערלייז! דערלייז!“

(2)

אַ לאַנגער שטאַרער לייב האָט זיך אין ווינט געוויגט,
אוּן געלע פויגלען האָבען איהם אַן אויג געפּיקט,
אוּן איין אויג האָט זיך אָנגעצונדען ווי אַ ליכט,
אוּן מיר געשאָסען הייסע שוועבעל אין געזיכט,
אוּן מיר געשטאָכען רויטע אייזענס אינ׳ם לייב:
„פאַרטרייב! פאַרטרייב!“

זעהונגען

אין טאָל פון טויטע ביינער

אַ מאָטיוו

האָס...

זיין וואָרט

מאָרגען: 1. 2.

פיהרער...

אויפ'ן באַרג

דער פונק

שמיד דו יונגער

צווישען קברים

אויפ'ן וועג

דער ציקלאָפּ

פאַררעטער

קין

געפעלשט

קייטען

מאַקסוויני

און הער... פון פינסטערע מיט טויט געזאַפּטע שוואָמען
  אַ וואונדער האָב איך אומגעריכט אַרויסגעצוואונגען;
אַ טיר האָט אויפגעפּראַלט, און פון באַהאַלט'נע זאָמען
  איז אין דער זון אַ זאַפּט־געזעטער בוים געשפּרונגען"—

און ווי זיין אויג וועט אָן דעם פרעמדענס אויג זיך שלאָגען,
  פאַרשלינגען וועט ער זיינע ווערטער אין דער מיטען,
און פול און שוויגענדיג זיין שמייכעל וועט ער טראָגען,
  און אונטער זיבען זיגלען זיין עשירות היטען...

.1919

# אונטער זיבען זיגלען

ער וועט אַ שמייכלענדיגער דורך די גאַסען שפּרייזען,
אַ פול־באַפּרזכפּערטער מיט אומגעזעה׳נע שפּראַצען,
וועט איינער שפּעטען און אַן אַנדערער וועט ווייזען
די האַנט צום קאָפּ, אַ דריטער וועט פאַרוואונדערט גלאָצען.

און ניט אַ וואָרט וועט עמיצען זיין צונג פאַרגינען,
און ניט אַ פונק פון אויג וועט עמיצען באַגריסען,
נאָר איינעם אין אַ ווינקעל וועט ער אויסגעפינען,
מיט רויטע אויגען און מיט ליפּען איינגעביסען.

און יענעם׳ס האַנט אין זיינע וועט ער נעהמען: „ברודער,
מיין בלוט איז אַש געווען, מיין מח טויטע שלאַנגען,
אויף שוואַרצע טייכען זיך געטריבען אָהן אַ רודער,
און אומעטום געווען, און ערגעץ ניט דערגאַנגען.

געזוכט די טיר און ניט אַנטפּלעקט צומאָל די מויער,
געאַיילט פון טרעפּ צו טרעפּ און אנגעקייט געבליבען,
געלאַכט פון בויער, און געלעסטערט דעם פאַרטרויער,
געפּוילט זיך האָבען פיינט, געעקעלט זיך פון ליבען.

# שעהנקייט

איבער מיין געלעגער
האָט די נאַכט זיך איינגעבויגען,
און מיר געגעבען זויגען
שעהנקייט און וועהטאָג,
שעהנקייט און וועהטאָג...

אויף איהר ברוסט האָב איך געוויינט
ווי אַן ערשט געבאָרען קינד,
און מיט צוגעמאַכטע אויגען
געזויגען שעהנקייט און וועהטאָג,
שעהנקייט און וועהטאָג...

1920

# אַ שטער

אַ שטערן איז אַריינגעפאַלען
דורכ'ן שויב,
איז מיין שוואַרצע פעדער
טויט געבליבען אין די פינגער.
האָבען אַלע קליינע שעהנע זאַכען
זיך אויסגעשאָטען און צעפלויגען
ווי שטויב פון אַלטע בגדים,
און כ'בין געבליבען ברייט און ליידיג
ווי אַ שנייאיג פעלד
מיט'ן שטערן אין דער מיט...

.1920

# זעה צעשטערער

זעה צעשטערער און צעברעכער,
איך האָב פֿאַרשפּונען אַלע לעכער,
דורך טעג פֿון טרייען צער,
כ'האָב פֿון מיין בלוט דעם רויטען
פֿריינגעצאַפּט אין דיינע טויטען,
און בין דיין האַר...

שטרעק דיינע שוואַרצע נעגעל און צעפּליק —
איך טראָג אַ וואונדער אין מיין בליק:
איך וועב די שאָטענס פֿון דיין האַנט
אין ליכטיגען געוואַנט...

.1919

# דער קרייז

איך האָב געלאָזט אַ קערן פאַלען אומגעריכט,
און ערגעץ שפּראָצט ער אין דער טיעפענים און קריכט
צום ווייסען ליכט...

אַלע זאַפטען וועט ער זופען פון דער פעטער ערד,
און בעסערס ווי דאָס בעסטע וואָס איך האָב באַגעהרט
איז איהם באַשערט...

וועט ער זיך אַנטפּלעקען אויפ'ן וועג אין שטויב,
און ווער עס קומט צוערשט איהם וועט ער זיין צום רויב,
אָהן דאַנק, אָהן לויב...

און יענער וועט אַ קערן לאָזען פאַלען אומגעריכט,
און קריכען וועט עס אומגעזעהן פון שיכט צו שיכט
צום העלען ליכט...

1919.

# שפּינוועבס

צווישען מיר און דיר
האָט אַ רויזיג וואָרט
אַ בריק געצויבערט...
אויפ'ן שפּינגעוועב
וועלען מיר זיך טרעפען,
אין מיט ציטעריגע ליפּען,
וועט אונז די לבנה קושען,
און מיט ציטעריגען זילבער
וועט זי אונזער בריק באַזוימען...
זאָג מיר ברודער־זעל
אַלע דיינע סודות שנעל,
אין אַ רגע
וועט די שפּינוועבס־בריק צעפּלאַצען...

.1919

(2)

קוואַל און רעגען
קוואַלען פון די טיפעניסען,
און רעגען פון די אײַילענדיגע וואָלקען.
קוואַל און רעגען,
און די זון טוט בײדע בינדען
מיט גילדערנע פלעכטען.
וואָס פאַר רײכע גאַרבען,
וואָס פאַר פולע גילדערנע גאַרבען
וועסטו האָבען,
דו געבענשטער,
דו באַשאָנקענער מיט קוואַל און רעגען...

.1920

# זון־טראָפּענס

(1)

אין די ווייסע שוימען,
פֿון די גרויסע וואַסערען,
פֿון די שטאַרקע פֿולע וואַסערען,
האָב איך מיינע טרוימען
דערקענט.

דורך געוועלדען ווילדע
איבער בלאָקען שטיין,
מיט די גרויסע אימפּעטיגע וואַסערען
שפּרינגען מיינע שוימען,
שפּרינגען מיינע טרוימען
און צעשטויבען זיך
אין רעגענבויגענס...

# אלמאַכטיג

דיין אויער נייגען צום געבאָט? —
דו ביסט פרייד, און דו ביסט וועה,
און דו ביסט ליב און דו ביסט שפּאָט,
און דו דער ווייץ, און זיי דער שפּריי,
און דו דער אַקס, און זיי דער ראָד —
און ד ו געהאָרכען ז י י ? . . .

.1920

# נאַהרונג

אין קיזעל וועסטו דיינע ליפּען גראָבען
צום קאַלטען קיזעל וועסטו זאָגען:
מיינע בלוטען האַמערען און שלאָגען,
מוז איך מילך און האָניג האָבען.
און ווי דו וועסט אַזוי באַפעהלען,
וועט יעדער פעלז דיר האָניג קוועלען,
און ווי דו וועסט אַזוי באַשווערען,
וועט יעדער שטיין אַ ברוסט דיר ווערען.

.1920

# גאָט־געבענשט

אין שטויב געלעגען איז עס אומגעצעהלטע טעג,<br>
און נאָכאַנאַנד געצויגען האָט אַ קאַראַוואַן,<br>
און ווי זיין רייה איז אָנגעקומען, האָט פון וועג<br>
אַ האַנט געשלעפּט: קום נעהם דו גאָט־געבענשטער מאַן.

.1919

# פאַראַן א רגע

פאַראַן אַ רגע ווען פון יעדער שטיינדעל טוי'ט
אַרויס דאָס שטומע האַרץ, וואָס איז איהם אָנגעטרויט
פון שטערען אָדער זון, פון וואַסער אָדער ווינט,
אין טעג וואָס גליהען שטום, אין נעכט וואָס בריהען בלינד...
און געהט ווער דענסטמאָל אויפ'ן פעלד, כאַפּט אָן די ערד
זיין פּוס מיט אַ פערצווייפעלטען געבעט, און הערט
זיין אויער אַ באַקלעמט געוויין, ווי פון אַ קינד
אין מיטען נאַכט, און זעהט זיין אויג אַ פונק וואָס צינדט
זיך אָן און לעשט זיך, און אַ נעבעל־טייך וואָס קריכט
אין לויזער גראָקייט קנויל אין קנויל, און שיכט אויף שיכט...
און אונטער זיינע פּיס צעגעהט ווי שפּינגעוועב
דער וועג, און צויטענווייז צעדריבלען זיך די צעפּ
פון ליבשאַפט און פון מאַכט, פון גאַהרען און פון צער,
פון וואָס איהם קליינט צום קנעכט, און וואָס איהם קריינט
צום האַר...
און אַלע קנופּען ווערען אָבגעריסען, און ביינאַנד
מיט יעדער קייט פאַרשווינדט די צוגעקייטע האַנט...
. . . . . . . . . . . . . .
פאַראַן אַ רגע...

.1919

אַ 'בּאָרוועס קינד געהט קאָרן־בלומען זוכען...
ביז שטילערהייט די נאַכט האָט איהרע טוכען
אַרום אונז ביידען דיק אַרומגעשפּונען,
און אונז געלאָזען און אַליין אַנטרונען...

.1917

# ערגאינערונג

גענבליבען איז אויף מיינע פינגער־שפיצען
דער פלאַטער פון די ווייכע לויזע רינגען.
און אין דער מיט פון אַרבייט נעהם איך זינגען,
און פלעכט די פינגער, און —
מיר ביידע זיצען
ביים שייער אויף דעם אויסגעשפּאַנטען וואָגען,
און ביסלעכווייז די לאַנגע שאָטענס יאָגען
דעם לעצטען איבערבלייב פון טאָג; פאַרהוילען
ווערט באַרג און טהאָל; און מיט צוגליהטע קויהלען
באַשאָטען איז דער הימעל... פון די הייען
אַ שאַרפער פייכטער ריח הויבט אָן וועהען,
און דיינע אויגען האָסטו אויפגעריסען,
ווילסט עפּעס זאָגען מיר און עפּעס וויסען,
נאָר צונג און ליפּ באַנומען פון אַ פיבער —
צעלאָזסטו דיינע האָאר און דעקסט אַריבער
מיין נאַקען, און די פינגער מיינע טונקען
דערין ווי אינ'ם הויכען גראָז פערזונקען,

די געלע שלאַנג איז דורכ'ן פענסטער לאַנג אַרוים,
אַ שוואַרצער שאָטען איז געקראָכען צום סופית,
פון ווינקעל האָט געקוקט אויף מיר אַ קליינע מויז:
ווי האָט געזאָלט זיך ענדיגען דאָס ליעד? ...

.1919

# דער סוף פון ליעד

איך האָב די טיר געעפענט פון דעם קליינעם צימער,
אונ ווי אַ פרעמדער ביי דער שוועל געבליבען שטעהן.
פון אַלע באַלקענס האָט אַ נייער אייגענטימער
געצויגען גראָע נעצען, און פאַרשפּיצטע צייהן
געביסען האָבען ערגעץ אין אַ ברעט פון וואַנט...
איך האָב צום טיש גענעהנט, און האָב אַ קאַלטע האַנט
אַרויפגעלעגט, האָט אויסגעצייכענט זיך אין דעק
פון דיקען שטויב, אַ שוואַרצער פינגערדיגער פלעק
פון אַ סקעלעט... אַ געלע ציטערדיגע שלאַנג
איז דורכ׳ן שויב אַראָפּגעקראָכען אויפ׳ן דיל...
און פון די שטויב־געשפּינסען אין דער הייך האָט שטיל
אַ קליין באַשעפענים געזומט איהר טויט־געזאַנג...
איך האָב אַ שופלאָד אויפגעעפענט און געשאַרט,
האָט אָנגעכאַפּט מיין אויג אַ ברוין פאַרדאַרט
פּאַפּיר, און אָנגעשריבען אויבען מיט אַ בליי,
דער אָנהויב פון אַ ליעד, צוויי שורות אָדער דריי...
. . . . . . . . . . . . .

פון אומגעצעהלטע זונען
האָבען שעה פאַר שעה,
דורך הונדערט טויזענט רינגען יאָהרען,
געשטאָכען די הויטען פון דעם תוהו:
געבער אַן אויג,
געבער פאַר אונז אַן אויג...

1921

# דאס אויג

טויזענט, הונדערט טויזענט רינגען יאָהרען,
האָבען שטרייפען נעבעל זיך געשפּינדעלט
און געשפּונען,
אין די וויסטעניסען פון די רוימען.
טויזענט, הונדערט טויזענט רינגען יאָהרען,
האָבען באַלען נעבעל זיך געווירבעלט
און זיך אָנגעצונדען,
און זונען, שטערען, מילכוועגען פון שטערען,
האָבען זיך ווי שטויבען אין אַ שטורעמראָד
געדרעהט אין מדבר פון די צייטען.
און די תפלה פון די זונען, שטערען, מילכוועגען
פון שטערען,
דורך די הונדערט טויזענט רינגען יאָהרען,
איז געווען:
אומגעבאָרען אויג,
זיי געבענשט,
זיי געלויבט פון אַלע מילכוועגען,
זיי באַגריסט!
און רויטע, גרינע, בלאָע שפּיזלען

# דאָס שענסטע

וואָסער וואונדער זאָל איך פאַר דיר שעפען
פון הימעל אויבען אָדער פון די תהום'ען אונטען?
וואָס פאַר בונטען
פאַרב־געשלידער זאָל איך קלעפען
אויף מיין מאָל־ברעט דיך צו קוויקען,
ווען דאָס שענסטע וואָס די בליקען
מיינע האָבען אין מיין הייפעל טעג געפונען,
איז געווען אַ שטראַהל וואָס טונקט
זיך אין אַ טייך, און ווערט צעפונקט
פון ווינט אויף הונדערט קליינע זונען?

.1921

# א י י נ ע

אַ קאָרב מיט רויזען אָנגעשאָטען —
צו וואָס?
איינע אַ באַטויטע אין אַ גלאָז,
פלאַם־רויט אונטען, בלוט אין שאָטען,
און רונד אַרום אַן אַוירעאָל
פון ריח, ביז די קאַמער ווערט צו שמאָל,
און קליין און שטיל און הערשעריש,
די בלום אין מיטען טיש.

.1921

# אויסגעזעפט

פון פולען בעכער האָסטו מיט אַ בלאָז
די ווייסע קרוין אַראָפּגעטריבען.
דו נאַר, דו נאַר, וואָס איז אין כוס
ביי דיר געבליבען?
אַ טויטער טראַנק צו זויגען
דעם ליב צו זעט, מיט עקעל אין די אויגען.

.1921

## טוי

פֿעדעם איבער תהומ'ען,
שפּינוועבס איבער גריבער,
זיי דערויף דיין זאַמען,
מייסטער דיינע שטיבער,
נישטערער און פֿרעגער.
פּערל־טיכער פֿאַר אַ פֿירשט'ס געלעגער
העפֿט דער יונגער שימעריגער טוי
יעדער מאָרגען, צום צערינען;
בוי —
וואָס ביסטו מעהרער פֿון דעם טוי באַגינען?

1921

# פאַרבאָרגעניש

איטליך שטומע זאַך וואָס וויינט
האָט מיר פאַרטרויט איהר קלאָג,
און איך דאָס בלומעל וואָס באַשעהנט
די קרויזען פון דיין לאָק.

און מיר האָט שוין אין נעכט פון גרויל
די ערד אַנטפּלעקט איהר וואונד,
און איך אַרום דיין שעהנעם מויל
שפּרינגט אום די שוואַרצע שטונד.

.1921

# מדרגות

פון וואַנדער קומען צו אַ באַך
דריי, איינגעבויגען מיד און שוואַך.

זאָגט איינער: וואונדיג איז מיין פוס;
און באָדט די קנעכלעך אין דעם פלוס.

דער צווייטער קרעכצט: מיר ברענט די צונג;
און שעפּט מיט פולע הענט אַ טרונק.

דער דריטער לאַכט פון ביידען גלייך,
און וואַשט די אויגען אין דעם טייך...

.1920

## פון די אַשען

האָסט בריק נאָך בריק פאַרברענט
און זעה וואָס איז געשעהן:
נאָך יעדער ברען
גענישטערט האָבען פרעמדע הענט,
און אויסגעשאַרט פון דיינע קויהלען
דעם וואונדערשטיין פון דיר פאַרהוילען...

.1920

# ג ע ט ע ר

באַרעכען:
בוקען זיך צו דיינע געטער?
אין אַ יאָהר צי וואָכען שפּעטער
זיי וועסטו איינציגווייז צעברעכען
מיט געוויין צי מיט געלעכטער,
דו בויער און צעשטויבער...
און איך דער גלויבער
וועל בלייבען אַ פאַרשעמטער און פאַרשוועכטער...

.1920

## אַ שאָד

יאָג איך האַסטיג אין געשפּאַן
און באַלד וועט בלייבען שטעהן דער ראָד
אַ שאָד,
אַזוי פיעל צו פ אַ ר ג ע ס ע ן נאָך פאַראַן...

.1919

# די שפּראָצונג

ערד, האָסט בלוט אַריינגעזויגען,
וואָס וועסטו געבען אונז אַנטקעגען? —
שפּראָצען וועלען פעלדער אויגען,
און צונגען וועלכע פרעגען...

.1919

## שיפברוך

טרייער פיהרער פון דער שיף,
אַ שטורעם קומט פון ווייטען. —
שאַרף איז אָנגעשטעלט מיין אויג
אין אַלע צייטען...

טרייער פיהרער, ס׳קראַכט דיין שיף,
וואו איז דיין אויג פאַרשוואונדען? —
איינער האָט מיך הענט און פיס
צום מאַסט געבונדען...

.1919

# אַ הויז

אויסגעהאַקט אַ וואַלד אַ גרינעם
פאַר דיר אַ הויז צו בויען,
אויסגעטריקענט אַלע טויען,
דאָס הויז צו מאַכען שטאַרק —
דאָס הויז צו מאַכען אָרעם...

אַלע שטיינער אויסגעגראָבען,
פאַר דיר אַ הויז צו בויען,
אַלע מאָכען אָפּגעשאָבען,
דאָס הויז צו מאַכען ריין —
דאָס הויז צו מאַכען אָרעם...

1920

## פאַראַרעמט

איך בין אַ רייכער אויפגעשטאַנען
אין דער פריה,
אַ קיניג מיט עשירות צו פאַרטיילען.
בין איך אויף דער גאַס אַרויס,
און דעם ערשטען בעטלער: „נאַ!“
האָט ער מיט די צייהן געביסען
און אָן אַ שטיין געקלונגען
איטליך גאָלד־שטיק,
און איך בין מוטער־אָרעם
אהיים געגאַנגען...

.1920

# באַזונדער

וואָס לעגסטו דיינע אויערען צום שטיין?
וואָס ווערסטו פון דער קאַלטער וואַנט דערגעהן?
יעדער אין זיין צעל אַן אָפּגעשיידטער,
וועט פלוכען אָדער זאָגען זיין געבעט,
צי העפטען יאָמער מיט געשפעט,
און קיינער וועט ניט וויסען ווען דער צווייטער
צופּט זיין האַרץ אויף צוויטען אין דער נאָהנטער קאַמער,
און צום אָוועגט וועט אַ האַמער
קלאַפּען אין דער טיר:
מיר קלייבען אַלעמענס, וואָס קריגען מיר פון דיר?

1921

# דאָס ליכט

„דער וועג אַ לאַנגער, און ניט מעסט
„די טריט, און וואַנדער ביז דו זעהסט
„אַ שיין וואָס שפּראָצט דיר פון דער ערד —"

„דאָס וואונדער וואָס איך האָב באַגעהרט?
„דער סוד פאַרוויקעלט אונטער הונדערט טוכען?..."

„דאָס ליכט אויף אָנצוהויבען זוכען..."

.1920

# אַ וואָרט

אַ וואָרט פון ליפּ געשפּרונגען
צווישען יאָ און ניין —
הילכט איצט מיט הונדערט צונגען
יעדער בוים און שטיין:
הער צו! הער צו!

אַ קערענדעל פאַרשאָטען
פון ציטערדיגע הענט —
שפּרייט איצט זיין ברייטען שאָטען
אַ גרינער וואַלד אָהן ענד:
קום רוה! קום רוה!

.1920

# דער שמעלצער

שטעהט דער שמעלצער ביי זיין טאָפּ,
וואַרפט אַריין זיין גאַנצען האָב.
מישט זיך אויס אין הייסען בריי
צין און זילבער, גאָלד און בליי.
שפּרינגען פלאַמען רויט און גרין,
און דער שמעלצער מורמעלט דרין:

ניט געקליבען, ניט געשיידט,
מיט געלעכטער, מיט געוויין,
אָנגענומען ווי עס געהט —
זאָג מיר, פייער, וואָס איך מיין.
שמעלץ און ברען און קאָך געטריי,
טיליג אַלץ, און אַלץ באַניי.
פורעם אויס און זאָג דעם סוד:
שאַף איך פליטער, שאַף איך גאָט?...

.1920

# דאָס נייע

שעפּסט פון אַלטען ברונען, אין דיין האַרץ אין שרעקען,
זאָלסט אויפ'ן דעק די מאַך אין שטיינער ניט אַנטפּלעקען,
זאָלסט אויפ'ן גרונט די שוואַרצע קיטען ניט צעריהרען, —
קום טרינק פון קליינעם בעקען וואָס הויבט היינט אָן יירען
און וועט זיך מאָרגען אין אַ ים־אוקינוס שטרעקען,
און א י י ן דאָרשט שטיל, כדי צעהן נייע אויפצוואוועקען...

.1919

# פאָלק

ווינציגער, ווער מאַכטיג און ווער פיעל,
און זעה דעם הימעל ליכטיגער און ברייטער;
אײנער צו דעם צווייטען פעסטער און געקייטער,
און שטאַפּעל איבער שטאַפּעל צו דעם ציעל;
און ביסטו אויסגעוואַקסען צו דיין מאָס,
שטוים אָפּ פון אונטער זיך דעם לייטער,
און טייל מיט אַלעמען דיין פולען כוס...

.1919

# אַריסטאָקראַטי

טו דיין טייל און צעהן מאָל מעהרער,
זיי דער ערשטער וואו ס'איז שווערער,
זיי דער לעצטער וואו ס'איז לייכטער;
זיי דער זייער און באַפייכטער,
העלף דאָס גאַנצע פעלד געראָטען,
און ניט נעהם אַ זאַנג פון בייט;
דיען צום ליכט און לעב אין שאָטען,
לאַך פון לויב און שפּאָט פון טאַדעל,
און טראָג אין טרייסט פון דיינע רייך
דעם צייכען פון דיין אַדעל...

.1919

## צוויי-פּלעכט

ליתּ נהורא אלא בחשוכא
וליתּ חשוכא אלא בנהורא.

(זהר בראשית)

וואו וועסטו זוכען מאַכט
און וואו דיין ליכט באַגעהרען? —
די נאַכט, די בלינדע נאַכט
וועט דיר אַ ליכט געבערען.

וואו איז דער אָפּרוה דיין,
די נאַכט וואָס טומט דיך נעהרען? —
פון שיין, פון העלסטען שיין
איז פינסטערנים דער קערן.

.1919

# אויפ׳ן ים

אויפ׳ן ים געהט אום אַן אינד —
אינ׳ם ברייטען ים, מיין קינד,
ווער וועט די אינד דערקאָנען?

אויפ׳ן ים פון אויביג אָן
אַלע רגע ווערט אַ טראָן,
קומט צו געהן אַ שטורעמווינט
און קיניגט איין מינוט, מיין קינד,
ווער וועט דעם ווינט דערמאָנען?

.1920

## הינטער זיבען טויערען

הינטער זיבען טויערען פון שיין
ליעגט אַ בלינדע נאַכט,
וויינט אַ שטומע פּיין:
גאָט גיב מאַכט...

הינטער זיבען זיגלען פון געשפּעט
זידט אַ בלינדע טרער,
וויינט אַ שטום געבעט:
גאָט, דערהער...

.1920

# גיב אַכט

געשרייען אין דער פינסטער,
און הינטען שטויסט די נאַכט,
אַ פּאָדים ליכט אַ דינסטער
באַשפּינט דיך און באַוואַכט —
גיב אַכט, גיב אַכט . . .

.1919

# זעהעוודיגקייט

ביז אַלע אייביגקייטען
וועלען דיינע ברעמען בלייבען אָפען.
דיין מוח וועט זיין לאַוואַ,
דיינע גליעדער וועלען פאַלען אין אַ קנויל,
דיין פיבעריש בלוט וועט שרייען:
„רוה...“
און די אויגען וועלען שטאַרען אָפען,
אַל־זוכענדיג,
אַל־זעהענדיג,
אָהן אויפהער,
אָהן מנוחה...

.1920

# דיין לעהרער

אין דער מדבר וועסטו איהם געפינען
מיט די גראָע אייביגע געזעמדען,
מיט די ווייסע אומדערבאַרימדיגע שטערען
אין זיין אויג.
אין דער מדבר
וועסטו וואַלגערען דיין קאָפּ אין שטויב
צו זיינע פיס
און בעטען טרייסט.
וועט ער לעגען זיינע האַרטע פינגער
אויף דיינע האָר,
און די גראָע אייביגע געזעמדען,
און די ווייסע אומדערבאַרימדיגע שטערען,
וועלען רינען דורך זיינע האַרטע פינגער,
אין דיין בלוט;
און דו וועסט מעהר ניט בעטען,
קיינמאָל, קיין זאַך מעהר ניט בעטען.

.1920

# ז

# א טויב געשאָכטען

„אַ טויב געשאָכטען" —
אונ ווי דאָס וואָרט איז דורכגעפלויגען
דורכ'ן מח, האָט זיך שוין געצויגען
אַ שנירעל בלוט פון איהרע ליפּען, אונ געפלאָכטען
זיך אין איהרע רייד.
אונ ווי זי האָט געקוקט, אונ וואָס זי האָט געטאָן —
פון יענער רגע אָן
איז זי געווען אַ טויב וואָס בלוטיגט אונ פאַרגעהט.

# דוכטעניסען

## וואַמפּיר

זי רייסט מיט פלינקע הענט די הויט
פון אַפּעלסין, און קוקט קאָקעט־פּאַרטרוויט,
און שטעכט די קליינע ווייסע צייהן
אין רויטען פלייש, און זויגט און לאַכט צו מיר.
וויערט נאַכט, און איך בין אין מיין בעט אַליין,
און איבער מיר אַ לאַביגער וואַמפּיר,
די ליפּען איינגעזויגען אין מיין לייב:
איך בין דיין ווייב.

# אין טעמפּעל

אין דעם הויכען טעמפּעל
זומט אַ ביען אַרום,
אין דעם הויכען שטילען טעמפּעל
זינגט אַ ביען אַרום.
זום־זום־זום
אָן הייליגע מיט ליכט־קרענץ אום די קעפּ,
זום־זום־זום
אָן מירמעל־זיילען מיט בלאָ־און־רויטע אָדערען,
זום־זום־זום
אָן שטילע פּליושען.
זום־זום־זום
און דורך אַ שויב פאַרשוואונדען,
פון דעם הויכען טעמפּעל,
פון דעם הויכען שטילען טעמפּעל...

.1920

# אַ קנאַל

אַ קנאַל...
ערגעץ אין דעם שוואַרצען וואַלד פון הייזער,
איז אַ מאַן געפאַלען אויפ׳ן דיל,
מיט אויסגעגלאָצטע אויגען,
און אַ רויטע שנור ביים שלייף...
מענשען אין נאַכט־העמדער
און אַ הויז פול יאָמער...

אין דעם שוואַרצען וואַלד פון הייזער...

.1920

## צו אַן אַלטער נעהטאָרין

פעלד־בלומלעך, מאָן־קעפּלעך און זאַנגען,
פלאַנץ זיי אויפ׳ן ווייסען לייווענט,
פלאַנץ דעם רעשט פון פעלד־חלומות
מיט אַ טרייסעלדיגער נאָדעל...
אויפ׳ן טישטוך וועלען שטעהן באָקאַלען
מיט שווימיגע געטראַנקען,
אַרום טישטוך וועט מען זינגען,
און דיינע פעלד־בלומעלעך, מאָן־קעפּלעך און זאַנגען
וועלען ליעגען טויטע אויפ׳ן ווייסען לייווענט...

.1920

פלינקער ווי אַ טיגער צו זיין רויב,
גרינגער ווי דער שטורעמווינט אַ שטויב,
טראָגט דער בעדואין די מדבר־נאַכט...
גרויס זיין האַרץ און יונג זיין לייב,
אינגער נאָך זיין ווילדע ווייב —
די מדבר־נאַכט...
פֿאַר זיין פערד אַ ניי־געשפּאַן,
אַלע שטערען קריגט ער אין נדן
פון דער מדבר־נאַכט...

.1920

דימענט אין קינזשאַל —
סאַאידי,
דער שאַיטאַן ליעגט אין זאַמד באַהאַלטען,
און זויגט דעם בעדואין דאָס בלוט...

סאַאידי
אין קאַרגען שאָטען וועלען מיר די שעה'ן שלעפּען,
ביז די זון וועט מיד און געל
זיך וואַקלען ווי אַן אַלטער דערוויש נאָך אַ זיקר,
און פאַלען אויף איהר גראָען אויסבעט...
דענסטמאָל וועלען מיר די זאָטלען גורטען,
און יאָגען צווישען טוי און שטערען...

סאַאידי,
אין דער זון וועט קליין דער בעדואין,
ווערט זיין האַרץ פאַרטריקענט
ווי די צייהנער פון אַ טויטען קעמעל.
זיינע אויגען פינטלען
ווי ביי אַ בלינדען הונט.
מיט די בלאָע שאָטענס אויף'ן זאַמד
קומט צוריק זיין קיניגרייך...
שפּרינגט דער בעדואין אויף זיין אַסילאַה,
און דער גאַנצער הימעל הענגט איהם אויף'ן אַקסעל
ווי אַן אויסגעהאָפּטענע אַבאַיע.
הינטען אויף'ן זאָטעל זיצט די נאַכט
און זינגט איהם אויף'ן אויער:

רויזענזאַפט פֿאַר דער סולטאַנאַ —
סאַאידי,
דער שאַיטאַן לויערט אין די זאַמדען,
דעם בעדואין צו קריגען...

ווייסע שיפען איבער בלויע וואַסערען,
זילבער אויף די זאַגלען,
גאָלד אויף אַלע מאַסטען.
אונטער רויטע חופות,
שעיכען אָנגעטאָן אין גרינע זיידענס,
מוראַניעהס אין אַ ראָד־געזאַנג.
בעקענס שניי, מיט וויין באַגאָסען,
אויף די הענט פון שוואַרצע שקלאַפען —
סאַאידי,
דעם שאַיטאַנ׳ס ים איז אויפ׳ן מדבר
און נאָגט דעם בעדואין דאָס האַרץ...

שטויבען שטייגען ביז׳ן הימעל
זייל נאָך זייל.
שפּיזען ווי אַ פעלד מיט זאַנגען,
חיל־מחנות אין געאייל,
צוגעוואַקסען צו די פערד...
רייט אין מיטען דער עמיר,
מילך זיין מאַנטעל און זיין באָרד,
בלוט זיין גאַרטעל און סאַנדאַלען,
פּערל אין טורבאַן,

# באַחר עש־שאַיטאַן *

טייטעל־בוימער
ווי גרינע מינאַרעטען קעגען הימעל,
קוואַלען שפּרינגען אין דער זון
ווי קרומע שווערדען אין אַ חתן־טאַנץ...
יונגע הינדען מיט פאַרצווייגטע הערנער,
לעקען אויף די פרישע טראָפּענס.
הורים טוליען די שטייפע בריסט
אין הויכע גראָזען —
סאַאידי,
דעם שאַיטאַנ׳ס ים איז אויסגעגאָסען אויפ׳ן מדבר
דעם יונגען בעדואין צו נאַרען...

קאַראַוואַנען אין אַ שנור.
ווייסע קעמלען, אָנגעלאָדען אויף די האָרבען
מיט מילגרוימען און פייגען,
עלפענביין פון הינדוסטאַן,
סאַמעט־וועבען פון דמשק,
בשמים־האָלץ און אַמבאַר,

---

* באַחר־עש־שאַיטאַן, דעם טייוועל׳ס ים, איז דער אַראַבישער נאָמען פאַר אַ מיראַזש אָדער אָפּדובטענים אין מדבר.

קליינע בּודאַס וועט קאָזומי שניצען,
סאַקיאַ־מונים פול מיט חכמה,
סאַקיאַ־מונים פול מיט גוטסקייט.
קאַרשענביינדלעך וויל דער שניצערמאַן קאָזומי...

.1921

העלפּט די ווייסע פרייד פאַרשפּרייטען,
אין דעם יום־טוב פון די ווייסע קווייטען.

קניען די געזעלען פון קאָזומי,
פאַר זיין קליינער באַמבוס־טיר :
קום דערפרעה דיין האַרץ, קאָזומי,
אַלע גאַסען זיינען שוואַרץ,
אַלע אויגען זיינען ליכטיג,
אין דעם ווייסען יום־טוב פון די קאַרשען.
קום און פאַנג די ווייסע זומער־פויגלעך
ווי זיי פאַלען פון די צווייגען,
אין דעם גאָלד־נעץ פון פריהמאָרגען,
אין דער זילבער־זיפּ פון גרויסע שטערען.

זיצט קאָזומי אויף זיין שטרוי־פלעכט,
וויגט קאָזומי די באַשנייטע שלייפען,
ווייסער פון די קאַרשענקווייטען אויף די צווייגען :
בלעטלעך שטאַרבען, בלעטלעך ווערט דער שטורעם אַרבען,
קאַרשען קומען,
פולער ווי אַ מלך׳ס בעכער,
שוואַרצער ווי די אויגען פון דעם מלך׳ס טעכטער.
וועלען אַלע ליפּען זיך באַפאַרבען
מיט דער בלוט פון פולע קאַרשען,
און דער שניצערמאַן קאָזומי
ווערט אין קאָרב די ביינדלעך קלייבען —
קאַרשענביינדלעך פאַר דעם שניצערמאַן קאָזומי.

## קאָזומי דער אַלטער שניצער

ווען דאָס יאָהר איז יונג אין לאַנד ניפּאָן,
הענגען זיך אויף אַלע קאַרשענבוימען אָן
ווייסע זומער־פויגלעך,
פאַלען קאַרשענקווייטען אויף די קינדער,
בלאָזען אַלע ווינטען לינדער
אין די בערד פון אַלטע גרייזען.
לויפט דער ריקשאָ־מאַן געשווינטער,
הערט די געישאַ אין איהר טיי־הויז פלינקער,
טאַנצט זי גרינגער פאַר די טרינקער,
מיט די סאַמעט בלעטלעך אין די קליינע טריט,
מיט דעם קאַרשענפעסט אין יעדער גליעד.

קומט די נאַכט צושלייכען פון די בערג,
אין איהר דינעם זייד־געוואַנט,
אין איהר בלאָער אָבי,
טראָגט זי גילדערנע און ווייסע זאַנגען
אָנגעפלאָכטען אויף די שלייפען,
ווערען איבער אַלע גאַסען
שנורען פייער אָנגעהאַנגען:
קומט פון הייזער און פון הייפען,

# יאַנג־סע־פו

די מלכה יאַנג־סע־פו
האָט זיבעציג פּאַלאַצען,
הונדערט קאַמערען אַ פּאַלאַץ,
הונדערט פענסטער אין אַ קאַמער.
שומרים שטאַרקע, שקלאַפען ריעזען,
שווערע פּאַנצערס, הויכע שפּיזען,
לאַכט אין שפּיגעל יאַנג־סע־פו:
ווער נאָך אַזוי גרוים ווי דו?

די מלכה יאַנג־סע־פו
געהט ביי נאַכט צום ווייסען פלום,
ווערט זי קלענער פון אַ נום,
רייסט זי אָפּ אַ בלעטעל גרין,
אויף צו שיפען זיך דערין,
נעהמט זי פעדעם צוויי פון גראָז,
האָט זי רודערס לויט איהר מאָס,
לאַכט אין וואַסער יאַנג־סע פו:
ווער נאָך אַזוי קליין ווי דו?

.1920

קריץ מיר אוים
אַ סטאַדע שאָף, אַ טייך וואָס רינט,
אַ קאַרשענבוים, דערביי אַ הויז,
און אַ ווייב וואָס זויגט אַ קינד...

אָט אַזוי איז אין יאַפּאַן
ערגעץ־וואו אַ ליעד פאַראַן:

.1920

# אַן אַלט ליעד

אָט אַזוי איז אין יאַפּאַן
ערגעץ־וואו אַ ליעד פאַראַן:

זאָגט אַ קריגסמאַן צו דעם שמיד:
מייסטער מיר אַ שווערד געניט.
מאַך דעם קלינג
ווי אַ ווינט אויף וואַסער גרינג,
מאַך איהם לאַנג
ווי אין פעלד אַ רייפע זאַנג,
פלינק און בויגיג
ווי אַ שלאַנג,
פול מיט בליצען, טויזענט־אויגיג,
גלאַט ווי זייד־געוואַנט און דין
ווי דער פאָדעם פון אַ שפין,
און קאַלט און אומדערבאַרימדיג ווי פיין...

„און אויפ׳ן הענטעל וואָס זאָל זיין?"

— אויפ׳ן הענטעל, גוטער מאַן —
— זאָגט דער קריגסמאַן פון יאַפּאַן —

כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ,
פון יעו דו נאַר,
וואָס קלאַפּסטו אין מיין טויער ?
אַ וואָרט און צוויי,
און אַלדאָס רייז פון זיבען לענדער
קריגסטו פאַר׳ן גאָלד.
אַ וואָרט און צוויי,
און אַלע לעמער פון פּערזיסטאַן
באַקומסטו פאַר קאָרעלען.

זאָגט פון־יעו דער וואונדערמאַן,
מיט׳ן פּאַסטוך־שטאָק אין האַנט,
מיט׳ן האָלץ־געפּעס ביים גאַרטעל:
כ׳האָב אַ שפּרוך פאַר גאָלד און אַ שפּרוך פאַר זילבער,
און איך מוז קלאַפּען אין טויער.
כ׳האָב אַ שפּרוך פאַר דימענט, און אַ שפּרוך פאַר קאַרעל,
און איך מוז קלאַפּען אין טויער.

.1920

# פון־יען

פון־יען דער נזיר פון די בערג
קלאַפּט אין טיר ביים מאַנדאַרין,
מיט'ן פּאַסטוך־שטאָק אין האַנט,
מיט'ן האָלץ־געפּעס ביים גאַרטעל.

פון־יען, פון־יען דער וואַנדער־גרייז,
זיין קלייד צעשיט זיך פעדעמווייז,
זיין ליפּ איז בלאָ ווי טאָוועל־שטיין,
זיין הויט איז געל ווי אַלטע צייהן.

זאָגט פון־יען צום מאַנדאַרין:
צעהן לעפעל רייז מיר גיב צום שפּייז,
וועל איך אַ שפּרוך דיך לערנען:
אַ וואָרט און צוויי, און זאַמד ווערט גאָלד,
און שטיינער ווערען זילבער.
אַ שעפסען־ביין מיר גיב צום רייז,
וועל איך אַ שפּרוך דיך לערנען:
אַ וואָרט און צוויי, ווערט האָלץ קאָרעל,
און שערבלעך ווערען דימענט.

איז פלייש געוואָרען,
איז אַ שוואַרצער לייב געוואָרען
מיט גראָבע ליפּען און מיט קרויזע קאָלטענס,
און דיינע נעגעל האָסטו
אין זיין ריפּ געגראָבען,
מעסערס אין זיין ברוסט געשטאָכען,
איהם אַ גוסס׳ען באַשפּיגען,
איהם געלאָזט זיך וויגען
אויף אַ בוים...

.1919

# לינטשען

„פּאַטער פון מיין זעל,
„וואו זאָל איך דיך געפינען? — "
פאַרשוועכער!
קוק אָן דיין ווערק:
אַ שוואַרצער לייב מיט בלוט באַשטרייפט,
אַ פּנים פּעך מיט אויסגעקעהרטע ווייסלען,
אַ רויטער צונג געשוואָלען
צווישען שימעריגע צייהן...

„פּאַטער פון מיין זעל,
„און האַר פון אַלע לייבער,
„וואו זאָל איך דיך געפינען? — "
לעסטערער!
דער וואָס ציטערט אין די בלאָע וועבען
פון דיינע הייליגע פאַרנאַכטען,
דער וואָס נעבעלט זיך אין דיין געוויין ביי נאַכט,
און דיין געזאַנג ביי טאָג,
דער וואָס צאַפּעלט אין די רויגען
פון דיינע ניט געבאָרענע באַגעהרען,
דער וואָס רופט דיך, רייסט דיך, גרייסט דיך —

די ווייסע גאַרב שפּרינגט אום אַרום דער בריל,
די וואָנסען קלעמען זיך צום באָרד.

„איהר מעגט אויף אייער ברוסט
מיט פרייד און גאוה
טראָגען אייער זוהנ׳ס מעדאַל...“

אַ בלאָווייס בענדעל איז צו דר׳ערד געפאַלען,
די גרויסע מעשענע שפּאַקולען זיינען גראָ,
אַ קראַנקער אַלטער
איז צוריקגעפאַלען אויף זיין שטוהל:
דאָס גאַנצע לאַנד,
דאָס גאַנצע לאַנד,
אַן אייביגער בעל־חוב...

.1919

# אַ מעדאַל

גלייכט ער אוים די אַקסלען,
ווי אַן אַלטער וועטעראַן,
אַ גאַרב געדיכטע ווייסע האָר
צעפּאַלט אין ווינקעל שטערען,
אַ פינטעל ליכט טאַנצט אום
אין גרויסע מעשענע שפּאַקולען
אונטער דיקע אָנגעוואַקסענע ברעמען.
דאָס בלאַ־ווייס בענדעל אין דער הויך,
און קעגען ליכט דעם בריעף:

„דאָס גאַנצע לאַנד ווערט בלייבען
אייער זוהן אַן אייביגער בעל־חוב.
אויף אייער גורל איז געפאַלען
דער גרויסער זכות — “

דער קאָפּ ווערט העכער
און די שולטער ברייטער.

„צו האָבען אַזאַ זוהן,
וואָס האָט זיין ליב און בלוט געגעבען
פאַר באַפרייאונג פון אַ וועלט — “

און טראַכט:
אַרבייט אין פאַבריק אַ יונגערמאַן,
און געהט דערנאָך אַהיים,
און שפּיעלט זיך מיט זיין קינד,
און איין טאָג ווערט ער קראַנק
און שטאַרבט,
און איבער וויטע ימים,
אין ניו־יאָרק,
און אין שיקאַגאָ,
און אין סאַן־פראַנציסקאָ,
לויפט ער נאַכט נאָך נאַכט די גאַס אַריבער
מיט אַן איינגעשראָקען פּנים,
און אַן אויפגעשטעלטען קאָלנער...

.1920

# סינעמאַ

טויזענט מענשען קאָפּ צו קאָפּ
אין פינסטערנים.
שפּרינגט אַרוים אַקעגען איבער
אַ ווייס שטיק.
ווימעלט אויפ'ן ווייסען שטיק
אַ גרויסע שטאָדט מיט מויערען
און דראָטען און לאַמטערנעס.
אַ ברייטע גאַס און אָנגעפּאַקטע טראָטואַרען,
און מיט פאָהנעס און מוזיק
קומט אַ מחנה זעלנער,
פוסגעהער, רייטער, הינקעדיגע,
משא־וועגען, אַמבולאַנסען,
מיידלעך מיט רויטע צלמים
אויף די ווייסע הויבען.
זקנים אין אַלט־פרענקישע מונדירען
באַהאַנגען מיט מעדאַלען.
לויפט פון העלער הויט די גאַס אַריבער
אַ יונגער מאַן מיט אַ צעשראָקען פּנים,
און אַן אויפגעשטעלטען קאָלנער.
זיץ איך צווישען טויזענט קעפּ אין פינסטערנים





און האַרטע פינגער
האָבען הויפּענס האָר געפליקט פון שאַרבען:
„טייט איהם!“

---

און ווי איך האָב די ברעמען אויפגעמאַכט,
האָב איך דערזעהן דעם הויכען
מיט ווילדע קולות שרייענדיג:
הוררא! הור־ר־ראַ!...

.1920

# אין גערדראַנג

ווי אַ ווינט פאַרטראָגט אַ שטרוי
האָט מיך פאַרטראָגען אַ געזוימעל מענשען,
און מיך געשלעפּט פון גאַס צו גאַס.
וועל אויף וועל האָט זיך געוואָרפען,
און אַ דומפּער, שטומפּער ברום
האָט אומגעקייקעלט זיך אויף הונדערט טויזענט קעפּ.
איז מיין אויג געפאַלען
אויף אַ הויכען מיט צעפלאַמטע אויגען
און רויטע נאַדעל־שאַרפע האָר.
און ווי איך האָב די ברעמען צוגעדריקט,
האָב איך דערהערט אַ קול:
„טייט איהם!"
און דער הויכער האָט זיין פויסט געהויבען
קעגען מיר,
און הונדערט טויזענט פויסטען הינטער איהם:
„טייט איהם!"
בלוט האָט זיך געגאָסען פון מיין פּנים,
און אויסגעהאַקטע צייהנער
זיינען אויפ'ן קין געהאַנגען.
שווערע פוס־טריט האָבען מיך געטראַמפּעלט

פון קברים אין דער ערד, גאָלד פאַר עמיצען...
צפון־מענשען, דרום־מענשען, פון עראָפּלאַנען און פון שיפען,
איילענדיג צום נאַכט געיעג פון בבל...
שרייט פון אַלע ווינקלען אַ פאַרשייטע ליכטיגקייט,
גיסט אַ העלער, רווישיגער קאַסקאַד
און שלאָגט אַרויף צום לעהמיג־געלען הימעל...
קריכען פייער־שלענג אויף הויכע מויערען,
לויפען אויף אַ טורעם דריי פייערדיגע פערד
מיט ווילדען אימפּעט אין דער הייסער נאַכט,
צאַפּט אַ גרויסע פייערדיגע פלאַש
פייער אין אַ כוס,
שפּרינגט פון פינסטערניש אַ פייערדיגע קאַץ
און גראַבלעט מיט די נעגעל
אַ פייערדיגע שפּול...

. . . . . . . . . . . . . . .

.1919

# ב ר אָ ד וו ע י

יאָגען אַויטאָס, וועגען און טראַמווייען,
פּייפלעך פּייפען, טרובעס בלאָזען, גלעקער קלינגען,
פילדערט דורך אַ פייערלעשער־וואָגען ,
שלעפּענדיג אַ שוואַרצען צאָפּ מיט רויך.
שאַרען מחנות הויכע פיס,
ברוינע, געלע, פּערל־גראָע, ווייסע פיס...
ווייסע העלזער, שטיקער אָנגעפּודערט לייב,
שוואַרץ געפאַרבטע ברעמען, בלאָנד־געבלייכטע האָר,
היט מיט גרינע פעדערען,
גלאַנציגע צילינדערס און אַ ווירבעל שטרוי־היט,
ברייטע מעקסיקאַנישע סאָמברעראָס,
זעלנער־און מאַטראָזען־היטלעך פון אַ טוצען פעלקער,
אלטע בירגער פון דער נאַכט מיט וואַסערדיגע אויגען,
און גרויסע דימענטען אין שניפּס,
אינגלעך גליהענדיג פון יעדער מיידעל־קוק,
לייט פון אַלע לענדער און פון אַלע זונען,
פון וויינבערג לעבען שטילען ים,
פון שניי־געבערג, פון ברייטע ווייץ־ און קאָרן־פעלדער,
פון הויך־באַגראָזטע פּאַמפּאַס,
פון דאָרט, וואו הונדערט טויזענט שקלאַפען גראָבען

# וואָלוואָרטה־בילדינג

אַ רעשט פון טאָג־שגעון שלענגעלט זיך אַהיים,
די אויגען אָנגעגליהטע, די געזיכטער לעהם...
רעדער ווערען ווינציג אויף די גאַסען,
אַ שווערער וואָגען ליידיג און געלאַסען
קלאַפּערט איבער'ן אַספאַלט.
דער אָוועגט פאַלט
ווי אַ טויטער פליגעל אויף דעם אויסגעמישטען קנאַט
פון ציגעל און צעמענט און דראָט...
פון טומעל ווערט אַ מורמעל ווי פון שלאָף,
אַ סאָפּען דורך פאַרדריקטע צייהן אין סוף
פון אַ דערשטיקט געוויין...
און איבער אַלע מויערען אַליין,
אַ הויכער און אַ גלייכער, גראָ'ט
דער קאַטעדראַל פון גאָלד־און־אייזען גאָט...

.1920

און זיפצען צו די אינדען...
אויף וויסטע שפיצען בערג
קניען מחנות
מיט פאַרוויקעלטע געזיכטער
און וויינען —
אין דיינע אויגען...

לאַנגע מידע ברעמען,
ווי פאַרשמאַכטע גראָזען אין דער זון —
וואָס ווייס א י ך,
און וואָס ווייסט ד ו,
פון דעם צער וואָס מאַכט זיין נעסט
אין דיינע אפּלען?

הונדערט דורות
זיינען אויף דער ערד געזעסען אין די נעכט,
און פאַר קליינע צאַנקעדיגע ליכט
געיאָמערט אויף דעם גלות פון גאָט'ס שכינה,
צו מאַכען דיינע אויגען שעהן...

.1920

# אויגען

דזשאַז...
רויזען אין די האָר,
פאַרבען אויף די ליפען,
טיולען אַרום לייב,
זילבער־שנאָלען אויף די שיך —
דזשאַז...
קום דו ווילדע הינדין פון די קאַבאַרעס,
זופּ קליינע רעגענבויגענס פון דיין גלאָז,
און לאַך פאַרשייט,
און רעד פאַרשייטע ווערטער,
און איך וועל לייענען דעם שפּרוך
פון דיינע אויגען...

אין ווייטע טונקלע לענדער
וויגען זיך אויף הויכע צווייגען
גרויסע שטומע פויגלען
מיט צעבראָכ׳נע פליגלען...

אויף נאַכטיגע קוועקזילבערדיגע ים׳ען
וואַנדערען געזעמלען שאָטענס,

רויט און גאָלד און גרין און קופּער,
יאַגדע־בלאָ און ברוין און בראָנזיג,
וואָלקען־גראָ און ברוין און רויזיג,
קיניגרייכען...
שוועבט אַרויס אַ פריש־געבאָרענע מלוכה,
און וויגט און ציטערט,
און נידערט אויף׳ן אייזמאַנ׳ס קאָפּ,
און פּלאַצט...
איילען הינטער איהר אַ טוצען,
רויט און גאָלד און גרין און רויזיג,
יאַגדע־בלאָ און ברוין און בראָנזיג,
וואָלקען־גראָ בורשטין און זילבער,
קיניגרייכען...

1919

# קינינגרייכען

זיצט דער קליינער קיניג לעבען פענסטער
און בלעזעלט קיניגרייכען.

טראַמוואַי רעדער בליצען פונקען פון די רעלסען,
אַ הייזעריגער קול שרייט אויס באַנאַנאַס;
אַ איד מיט רויטע האָר
קלאָגט נידערשלאָגען:
אַלטע קליידער;
אויפ׳ן טראָטואַר שאַרט אום אַ האַלבער מענש
מיט בלייפעדערס אין האַנט;
אַנטקעגען אויפ׳ן ראָג,
אין אַ רינג פון קינדער,
ליגט אַ פערד פון היץ געפאַלען
מיט גרויסע ווייסע צייהן אין זון —
און דער קליינער קיניג אויבען
בלעזעלט פון זיין שאָל
מיט אַ לעהמען רעהרעל
קיניגרייכען...

ווערט אַ ליאַרעם און גערודער, —
אַ געשפּאַן פון שליטלאַך פאָהרט,
זיבען אין אַ רייה געפּאָרט,
און אַ מאַמע אויבען־אָן,
אין אַ גרינעם קאַפּושאָן,
פיהרט און קירעוועט דעם צוג.
און אין מיטען, טו אַ קוק,
גלייך פון הינטען זאַלבע צעהנט,
אַ געפלעכט פון פיס און הענט,
און אַריין אין סאַמע מיטען,
קעהרט זיך איבער יעדער שליטען,
ליגען קינדער איינגעקנאָטען
אין די גריבער שניי, ווי קראָטען,
ברוין און געל און גרין און ווייס,
אויסגעמישט מיט פראָסט און אייז,
הענטשקעס, היטלאַך, שיך און שאַלען...
שרייט אַ קליינער עסקימאָ,
אָנגעפּעלצט אין רויט און בלאָ:
„קינדער, לאָמיר ווידער פאַלען!“...

.1920

זעה די טורעמס קעגען הויז,
אַלטער, קאַלטער זיידע פראָסט
האָט פאַרגעסען און געלאָזט
אויף דער ערד זיין ווייסען קיטעל...

אָנגעוויקעלט ווי אַ קנויל,
און געכאַפּט אַ בים אין מויל,
און פון אַלקערע'ל דאָס שליטעל.
הענדום־פּענדום פון די שטיגען,
און חברים באַלד געקריגען,
און אַ שאָט זיך פון די הייזער
מיט געפילדער אויף דער גאַס.
איינער איז דער ערשטער ווייזער,
ווערט אַ ברייטער, גלאַטער פּאַס,
און דערנאָך פון באַרג אין טאָל
פליהען אַלע מיט אַ מאָל.
שפּרינגען אין דעם וייכען שניי
יונגע מאַמעס הינטער זיי,
ווער אַהער און ווער אַהין,
מיט געשפּאַסען און געלעכטער,
העלפען מונטער קליינע זיהן,
פיהרען אונטער קליינע טעכטער
און אַ גליטש מיט זיי צוזאַמען,
אויגען פינקלען, באַקען פלאַמען, —
מלך־ווינטער'ס וואונדער־רויז,
פאַלען האָר פאַנאַנדער לויז,
און דער פראָסט באַפּוכט מיט פּודער...

# מלך־ווינטער

איז דער שניי אַרומגעפלויגען
מיט דער נאַכט דורך אַלע מערק,
איהר געבלענדט די שוואַרצע אויגען,
און געטאַנצט אויף ווייסע בערג.
איז דער גראָער שפּראָץ געקומען,
און פאַרגלעט די הויכע בייטען,
האָט דערנאָך די זון גענומען
אויף דער גאַס אַ יום־טוב גרייטען...
קריינען אויף די קוימענס, לייכטער אויף די דעכער,
אויסגעטאָקטע זילבער־בעכער
אויף די הויכע שטאַנגען,
אויף די דראָטען
אָנגעשאָטען
שנורען שימערדיגע שפּאַנגען...

טאַנצען קינדער אין די בעטען,
טוען אָן זיך וואָס געשווינטער,
ניט אַ רגע צו פאַרשפּעטען:
ווינטער, ווינטער, מלך־ווינטער,
מאַמע, מאַמע, קוק אַרויס,

טויען נעצען, שטערען שפּריצען,
סאָסנע פּעכען, טייך־געַרוכען,
און אַ פויגעל־רוף אַ ווייטער,
און אַ פלאַקער אין די קרייטער...
בלעטער קנאַקען, צווייגען שפּרינגען,
ווינטען טאַנצען, פלאַמען זינגען,
און די קריגס־לייט אין אַ קייט,
רויטע לייבער אָהן אַ קלייד,
וואַמפּום־גאַרטלען, שוואַרצע צעפּ,
פעדער־קרוינען אין די קעפּ,
נאָך דער רייה און נאָך דער רייה,
מיט געזאַנג און מיט געשריי,
רונד אַרום אַ פייער־טאַנץ,
רונד־אַרום אינדיאַנער־טאַנץ...

.1920

וועך אַ רעמעל פֿון אַ בילד...
לעקען געלע צונגען אין דער נאַכט,
וועקען העלע צונגען אויף די נאַכט,
רויטע שלאַנגען, שוואַרצע שאָטענס,
רויטע זאַנגען גיך צעשאָטען,
שוואַרצע שאָטענס אין געדרעה,
מיט געזאַנג און מיט געשריי,
רונד אַרום אַ פֿייער־טאַנץ,
רונד אַרום אינדיאַנער־טאַנץ...

שאַרט דעם שטאָק און מישט די קויהלען,
שטופּט און שויבערט,
צופּט און צויבערט, —
דער מכשף האָט באַפֿויהלען:
אַלע הייזער איינגעזונקען,
טויזענט גאַסען מיט אַמאָל דערטרונקען...
נאָך אַ שאַר —
שפּרינגט אַ סאָסנע פֿונ׳ם זשאַר,
שטעלט זיך אוים אַ סאָסנע־וואַלד,
נאָדעל־קאַמען, ווייסע שטאַמען...
פֿאַלט אַראָפּ אַ פֿרעירי־נאַכט
אויף די סאָסנע־שפּיצען,

# פ י י ע ר - ט אַ נ ץ

װער אַ ברעטעל, װער אַ שפּענדעל,
װער אַ שטיק פּאַפּיר,
גרויסע אינגלעך, קליינע אינגלעך,
און אַ מיידעלע אין מיטען,
רונד אַרום דעם פייער,
איינער נאָכ׳ן אַנדערען,
רונד אַרום אַ פייער־טאַנץ,
רונד־אַרום אינדיאַנער־טאַנץ...

שאַרט אַ קליינער מיט אַ שטאָק,
שפּריצען רויטע בונטען,
אויבען צונטער, פינסטער אונטען...
שפּיגלען רויטע זונען אין די אויגען,
לאַכען קליינע זונען פון די אויגען.
גיכער גיכער,
װער אַ רייפעל פון אַ פאַס,
װער אַ פיסעל פון אַ שטול,

# ד

פייִער־טאַנץ
מלך־ווינטער
קיניגרייכען
אויגען
וואולוואירטה־בילדינג
בראָדוועי
אין געדראַנג
סינעמאַ
אַ מעראַל
לינטשען

מיינע אברים זיינען שטיין;
דער ווינטער האָט מיר אייז אַריינגעפראָרען
אין געבליט.
ליעגט אַן איינציגער שטויב
באַגראָבען אין מיין שטאַרען לייב
און האַרט
אויף דעם ערשטען ווייסען וואָלקען,
וואָס וועט לאַכען צו די טויטע...
די שטייפע גליעדער וועל איך לאָזען,
און איך וועל מיט'ן ווינט
אַוועק אין ווייטע פעלדער,
און פאַלען אין דעם אָפענעם מויל
פון אַ יונגען שפּראָץ,
און איהם באַפרוכפּערען,
און איהם באפאטערען.
געבורט, געבורט...

.1920

# ווייסע וואָלקען

פרייד און ציטער,
פרייד און ציטער,
אונטער טויטע הויטען קריכען אום געבוירטען,
אונטער שוואַרצע בייטען טאַנצען גייסטער
מיט זאַנגען אויף די שטערענס.
שפּערלינג־פויגעל, ווינטער פויגעל,
שאָקעל אָפּ דעם שניי פון קליינעם פליגעל —
פאַר מיר און דיר קומט פרייד.
גרינע אויגען וועלען קוקען פון אַלע ריטלעך
צום יונגען הימעל.
צינגלעך גראָז וועלען זיך באַלעקען,
מיט גילדערנע געטראַנקען,
טייכען וועלען שפּרינגען איבער שטיקער אייז
מיט געשוים און מיט געשריי,
און אַ ברייטע ערד מיט אָנגעקוואָלענע בריסט
וועט זיך קרעמפּפען, וועט זיך שטרעקען:
געבורט, געבורט.
שפּערלינג־פויגעל, ווינטער־פויגעל,
הער מיין סוד:
מיינע אויגען זיינען גלאָז,

וואָס פאַר שטילקייט,
וואָס פאַר קאַלטע קלאָרע זילבער־זאַמען.
געהט אַ זייער מיט אַ זיי־טוך איף זיין לענד,
זייט ער, שפּרייט ער, און פאַרשווענדט
פולע הויפענס דאָרט און דאַ,
שפּראָצען קליינע פינקעלדיגע קרייטער.
געהט ער ווייטער,
פינטלען בינטלעך, זיבער זילבער־בלאָ,
וואָס אַ שעה
מעהרער, קלערער און באַנייטער.
וואָס פאַר שפּראָציגקייט,
וואָס פאַר ווייס־באַטויטע ליטערקייט,
וואָס פאַר קאַלטע קלאָרע זילבער־זאַמען.

.1921

# ש נ י י ־ ש ט ע ר ע ן

ליעגט ביים ווייטען שוועל פון טאָל
די שווערע שטאָדט פון שטיין און שטאָל,
באַגורט מיט פונקען.
ליעגט אַליין דאָס קליינע הויז
אין גרויסע ווייסע וויסטען איינגעזונקען.
פאַלד אויף פאַלד, פעלד־אַיין פעלד־אויס,
ווייסקייט,
ווייסקייט,
ווייסע טיכער אויף די טייכען,
ווייסע ציכען אויף די גריבער,
ווייסע האָרבען איבער שטיינער,
ווייסע סטעפּ באַזעצט מיט ווייסע זאַנגען,
ווייסע קעפּ פון לינדען מיט געצאַקטע צייהנער
ווייסע צעפּ געבונדען אויף די צאַמען.
ווייסקייט.
שטראָמען וויים־צעשטויבטע ים'ען
דורך אַ גרויסען קאַלטען הימעל,
וויים געווימעל הינטער וויים געווימעל,
שטילע תהום'ען אונטער שטילע תהום'ען.
וואָס פאַר ווייסקייט,

# בלעטער פאַלען

רינט דאָס בלוט פון זומער אויף געוועקסען און זיי ווערען רויט,
שפינט דער ווינט דורך אַלע צווייגען אַ געשפינס פון זון און טויט.
אַלע שטימען שווייגען און אַ שטומקייט ווערט געבאָרען
אויפ'ן פעלד,
וואָס זינגט פון וואָס קיין פויגעל האָט אום זומער ניט געטרעלט.
פאַלט אַ רעגען בלעטער אויף די טייכלעך ווי אַ דעק פון פלאַם,
טראָגען אַלע שטראָמען גאָב פון הוילען וואַלד צום רייכען ים.
ציהען אום ווי בלינדע קעמלען ווייסע וואָלקענס אין דער
בלאָער וויסט,
ניט אַן אַקער צו באַפרוכטען, ניט געבענשט און ניט באַגריסט.
צופען פאַזע וועג די שאָף אַ לעצט געדעכענים פון היי,
פלעכט דער פאַסטוך קערב, און פלעכט אַריין מחשבות אַלערליי.
ליעגט דער בלאָז־זאַק איינגעפאַלען, און ביים שוועל דער
אַלטער שמיד
רעכענט וויפיעל קאָסעס ער האָט אָנגעשאַרפט אין צייט פון שניט.
וואַקסען ביי די זומפען שוואַרצע בייטען אויסגעלעגטע טאָרף,
סקריפען וועגען אויף די שליאַכען, און די תבואה וואַנדערט
פונ'ם דאָרף...

.1920

(2)

ווילדע גענז, וואוהין די וואַנדער?
אין ווייטע לענדער איז די וואַנדער.

ווילדע גענז, ווער וויים די וועגען?
ביי די ווינטען ווע̇לען מיר פרעגען:
ווינט פון דרום, ווינט פון צפון,
וואו איז אונזער זון אַנטלאָפען?

.1919

# חשוון

(1)

הוילע אויסגעקרימטע צווייגען
און גראָע שטיקער דורך די צווייגען,
ענטלעך מיט צעבלאָזטע פֿעדערען
אויף אַ בלייאיג־בלאָען טייך,
און בלייכע גראָז געוויגט פֿאַמעלעך...
אַ באָרוועס פֿאַסטוך אינגעל
שפּרייזענדיג אין ווייכען קויט,
און פּאָכענדיג אַן אָפּגעשיילטע רוט
אויף מידע שעפּסען...
אַן אַלטער פערד באַשאָטען מיט געלע בלעטער,
ביים צאַם פון לאָנקע,
ציהענדיג מיט נאַסע נאָז־לעכער
די פייכטקייט פון די וואָלקען...

דער טייך מיט קיהלע בלאָע אויגען...
קומט פון ווינקעל וואַלד אַן אַלטער
מיט אַ בינטעל אויפ'ן אַקסעל,
קליין און איינגעהויקערט,
אונטער הויכע ליכטיגע אַלעען,
איבער גאָלד און ברוין און קופער,
איבער גאָלד ציטראָן און קופער...

.1920

## תשרי

קומט צו שפּרייזען בלייכער תשרי,
איבער אָפּגעשאָרענע פעלדער,
פליקט ער בוימער
ווי געשאָכט'נע פויגלען,
קנייפּט ער הויפּענס פון די ריטער,
טרייבט ער שאָטענס פון דער ערד.
ווערען גאָלד און קופּער טיכער
אויסגעהאָפּטען אויף דער ערד.
גאָלד און ווערמיל־פאַרב און קופּער,
גאָלד און מילגרוים־רויט און קופּער.
שפּרינגט אַ וועווערקע פון בוים
מיט הויכען אויפגעפּאָכטען עק,
און שאַרט אין גאָלד און קופּער,
אין גאָלד מאַראַנץ און קופּער,
פּאָלם די זון אין שטיקער
דורך אָפּגעהוילטע צווייגען,
קוקט דורך הונדערט בלייזען

# צו דער זון

כ'מו צו דער זון זיך בוקען:
אויפ'ן גראָען רוקען
פון די בערג ווען דו ווען דו וועסט ליגען,
וועט דיר אויף די שטיגען
פון די פעלזען נאָכשלייכען מיין תפלה,
דו גרויסע שטילע
'באַשענקערין פון מענש און בוים און זאמד,
ווען דיין פּנים פלאַמט
אין לעצטער רויטקייט, לאָז מיר איבער פון
דיין ליכט
אַ פונק, אַקעגען יעדער שד וואָס לאַכט
אין פינסטערנים, און געגען יעדער שלאַנג
וואָס קריכט
אויף מיר אין קבר פון דער נאַכט...

.1918

(3)

מיין צוקאָפּענס זיינען
האַרטע איינגעדרעהטע וואָרצלען,
זאָג איך זיך: אָט וועט געשעהן,
איינער פון די איינגעדרעהטע וואָרצלען
וועט מיר איינוואַקסען אין לייב,
און דורך מיינע בלוטען וועלען זאַפּען
וואַסערען פון אונטער־ערד'שע טייכען,
און זאַפּטען פון שטומע טרויעריגע זאַכען,
וואָס ריידען ניט, און טראַכטען ניט,
נאָר וואַקסען, וואַקסען, וואַקסען...

.1919

(2)

איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געווען:
איך בין געלעגען אונטען
איינגעדעקט אין וואַר׳מער זומער־נאַכט
פון קאָפּ ביז פוס,
האָבען גראָזען אונטער מיר
און צווייגען אין דער הויך
גערעדט צו מ י ר,
און עמיצער אין מיר האָט זיי געענטפערט,
און א י ך האָב צוגעהערט זייביידען,
און ניט פאַרשטאַנען...

# בוימער

(1)

צווײ בוימער אײנגעפלאָכטען אינאײנאַנדער,
גרינע צעפּ אין גרינע צעפּ פאַרפלאָנטערט,
גיסט אַ רעגען טרינקען זײ צוזאַמען,
שפּריצט די זון צעטײלען זײ די שטראַלען,
קומט דער אָווענט
שלײערט ער זײ אין א י י ן שאָטען,
פאַלט אַראָפּ אַ שטערען אין די בלעטער
קושען בײדע אויף אַמאָל דעם הימעל'ס גאָב...

אין אַ שוואַרצער נאַכט
קום איך אָפט צו שלײכען,
ליעג איך אין די גראָזען צווישען זײ,
און זעה די פײער־פליגען שפּרינגען,
און ציה די אָרעמס מײנע אויס:
פײער־פליגען, פײער־פליגען,
לערנט מיך זיך אײנצופלעכטען
אינאײנעם מיט די בוימער...

# בליהעכץ

אונטער צווייגען האָב איך זיך באַהאַלטען,
מיט אַ שאָטען פאַר מיין אונטערשפּרייט,
האָבען מידע בלעטער מיך פאַרזונגען
און דער בוים איז מיר געפאַלען אויף די אויגען:
אין אַ ברייטער עפענונג פון וואַלד
בין איך ביי אַ שפּינראָד געזעסען,
און שטיקער זון און שטיקער הימעל
און שטיקער ערד געשפּונען
אין אַ ראָזען פּערלמוטער־פּאָדעם,
און אַ ריח פון רעזעד און רויז און מאַי
האָט פון שפּינדעל זיך געטראָגען...

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט
איז מיין פּנים און מיין קאָפּ
געווען באַשאָטען מיט בליהעכץ,
און די צווייגען האָבען זיך געצונטערט
אין די לעצטע צויטען פונ׳ם טאָג...

.1920

## זעיר־אַנפּין

הענגט אויף אַ צווייג
אַ גילדערנע זון אין אַ טראָפּען געפאַנגען —
ציטערט און פליטערט אַ וואַלד מיט געזאַנגען
אין אַ קליינינקען שטייג...

.1919

(2)

פאַלען רודערס פון די הענט...
קאָפּ אויף אָרעם אָנגעלעהנט,
אין אַ וויסט פון ווייסען וואַסער...
הימלען ווייקען זיך אין וועלען...
פון דער טיעפענים אַ בלאַסער
קוקט דער קֵיניג פון קאַרעלען,
גאָלד די אויגען, בראָנז דער באָרד...
אויף אַ שיף פון זילבער פאָהרט
די יונגע קיניגין פון שבא,
און אַרום די קנעכט אין רייהען...
אינזלען איינגעטונקט אין בלאָ
קומען קעגען זון צושווימען...
ווייטע שטימען
רופען, און פאַרגעהען...

1920

## זומער־זון

(1)

אויף דער ברייטער זילבער־פלעך
גליווערט
אַ ווייסער זאַגעל אין דער ווייט.
אויסגעקרימטע בוימער
מיט הענגענדיגע קאַלטענס
זוכען זייער פּנים
אויפ׳ן תּהום.
אַ שנור שוואַלבען אין דער הויך
פּיקט געלע קערנער פון דער זון,
און קייטעלט זיך
אַרונטער און אַרויף.

(3)

שוואַרצע פויגלען קעגען גאָלד,
בלאָע פּים אין גרינע טייכען...
פלאַמען ציטערען און ווייכען,
וואָלקענס אין אַ קנויל געראָלט
שלייכען, שלייכען...

1920

(2)

לויזגעלאָזטע לאָקען
איבער אַ פאַרווײנט געזיכט...
אויף אַ וועג קומט אָן אַ זקן
מיט געבייגטען רוקען,
און קריכט, און קריכט...
בלינדע פינגער צוקען
מידער, מידער...
קאַלטע אויגען קוקען
פון דער הייך און פון דער נידער...

# די גראָע שעה

(1)

שאָטענס שפּרייטען זיך געדיכטער
איבער אַלע שטרעקען,
הימלען ווערען ניכטער..
פליגען צינדען זיך, און לעקען
טויען פון די קרייטער.
אויף אַ וואָלקען יאָגט אַ רייטער,
און זיין קאָפּ איז גרויס און רונד,
און די אויגען צוגעשלאָסען;
אין זיין האַרצען איז אַ וואונד,
און די וואונד מיט בלוט פאַרגאָסען...

## דער קלײנער טײך

דער קלײנער טײך, דער קלײנער טײך,
דער שומר פון אַ קיניגרײך:
בײטאָג דער װאַלד װי אַלט און גרױס
קומט װיגען זיך בײ איהם אין שױס,
בײנאַכט דער גאַנצער שטערען־װעג
קומט רוהען אױף זײן דעק...

.1919

# זומער־פּעדעם

ציהט אַ ווייסער לאַנגער פּאָדעם,
ניט געצויגען ניט געטריבען,
צווישען ערד און הימעל...
אַ זומער־פויגעל זיג־זאָגט איבער איהם
אין דער ציטעריגער לופט,
אין דער ווייטען אויפ'ן וואַסער
שפּרינגען ווייסע שופּען,
אַ בלאָער דרעמעל דריקט די פולע זאַנגען,
דער ווינט־מיהל שטעהט פאַר'כשופּ'ט
אין דער חמימה...

ווייסער לאַנגער פּאָדעם,
אָן וואַסער צווייג זיך וועסטו העגנען,
איידער ס'יאָגט דיך אָן דער אָוועגט?
אויף וואַסער קאַלטען שטיין
זיך פלאַך צעשפּרייטען?...

.1919

# ג

זומער־פערעם
דער קליינער טייך
די גראה שעה : 1. 2. 3.
זומער־זון : 1. 2.
זעיר־אנפין
בליהעכץ
בוימער : 1. 2. 3.
צו דער זון
תשרי
חשוון : 1. 2.
בלעטער פאלען
שניי־שטערען
ווייסע וואלקען

מינדער, מינדער...
צעפלויגען אַלע פּאָרען,
אַנטשוויגען די געשאַלען,
אַלע וועגט צעפאַלען...
אויפ'ן ברייטען לאַנד־וועג,
אויפ'ן ווילדען פריהלינג־פעלד,
וועט אַצונד דער טאַנץ געהן...
פריהלינג־גראָזען אונטער דיינע טריט,
טויען אויף דיין קלייד,
און ניסן־ווינט אין דיינע צעפּ.
דיינע לענדען ציטערען,
דיינע ליפּען זידען,
און דער וואַלד איז שכור
מיט ווילדע אָנגעקוואָל'נע זאַפטען.
כ'וועל דעם לעצטען טראָפּען בלוט
דיר קושען אויס'ן האַרצען,
און טויטע וועט דער גראָער טאָג אונז טרעפען
אין מיטען וואַלד...

.1920

# אין טאַנץ

דו ביסט דער מאָרגענשפּראָץ וואָס זינגט
אויף דער ברייטער סטעפּ,
דו ביסט די מאָרגענרויט וואָס טרינקט
מיט לויז־צעפּלאָמטע צעפּ
פון די בעכען אין די בערג.
ווי דו וויגסט זיך, ווי דו נייגסט זיך
אין דעם טאַנץ־געדרעה!
ווי דו זויגסט מיט דיינע אויגען דאָס געשריי
פון מיינע גליעדער!
דער בוזעם לאַכט אין אומגעצאַמטער פרייד,
די שענקלען שפּרינגען פון באַטיולטען שייד,
די אָרעמס הענגען אויף מיין נאַקען
ווי צווייגען אָנגעהעפּט מיט רייפע אויבס,
די ליפען שטרייפען מיינע באַקען,
ווי בלעטלעך פון צעפּלאַצטען מאָהן.
מיינע ברעמען פאַלען מיד,
און איך קרייז זיך אין דער מיט
פון רוישיגע געזעמלען,
ווי אַ בלינדער.
די לאָמפּען אין די רעהרען פלעמלען

שניי און זון,
פּערל און קריסטאָלען,
שלייערן און שאָלען.
אָלטער וואָלד מיט שוואַרצע גלוסטען,
וואָס האָסטו פון מיין לענד געזעהן?

ווייסע שטויבען,
שניי און זון פון אויבען,
און אַ גורט פון רעגענבויגען.
טאַנצט די נעבעל־מיידעל
מיט די שטאַרקע שרייעדיגע וואַסערען,
מיט די יונגע שרייעדיגע וואַסערען.

יוכ־האָ, אָלטער וואָלד,
וואָס האָסטו פון מיין ווייסען דיך געזעהן?

.1920

צעלאָז די גרין און זילבערנע געוואַנטען,
ריים פאַנאַנדער דיינע רעגענבויגענס
און ווייז דיין לייב,
פערלמוטער פון דיין ברוסט,
ווייסע בליהעכץ פון דיין לענד.

יוכ־האָ, דו אַלטער וואַלד,
איך וועל אַ טאַנץ דיר טאַנצען,
יוכ־האָ, דו וואַלד מיט שוואַרצע גלוסטען,
איך וועל אַ טאַנץ דיר טאַנצען.
אויפ'ן גרין און גראָען טרעפ
וויגט זיך אום די נעבעל־מיידעל,
ציכטיג, לאַכיג,
פלינק און ווייס,
גרין און ווייס,
אויסגעשפרייט די לאַנגע שלעפ,
אַלע פאַלדען אויפגעבונדען,
אַלע רעגענבויגענס אָנגעצונדען,
און שפרונג...
צו די טיעפע שרייעדיגע וואַסערען,
צו די יונגע שרייעדיגע וואַסערען...

יוכ־האָ, דו אַלטער וואַלד,
וואָס האָסטו פון מיין דיך געזעהן?
יוכ־האָ!
ווייסע שטויבען,

# די מיידעל פון די נעבלען

(ניאַגאַראַ וואַסערפאַלען)

הונדערט איילען אין דער ברייט,
גרין און זילבער איז דאָס קלייד
פון דער נעבעל־מיידעל,
רעגענבויגענס אָנגעצויגען אויף די זוימען,
שניי און זון און שורות שוימען
איינגעוועבט אין צעפּ און פלעכטען.
יוכ־האָ!
אויף ווייסע שנורען,
אויף גרינע בענדער,
איבער שטיין־געלענדערס
שפּרינגט באַשפּריצט די מיידעל פון די נעבלען,
שווימט דורך שעמערירטע שלייפען שוים
די שלאַנקע, שלינק־און־שלאַנקע טאָכטער פון די נעבלען.

גלוסט דער שוואַרצער וואַלד
צעהן טויזענט יאָהר אַ גלוסטונג,
זאָגט דער שוואַרצער, שווערער וואַלד
צו דער ווייסער מיידעל פון די נעבלען:
טאַנץ פאַר מיר,

און לעקט דיין פוס ווי אַ געטרייער הונט —
אַ גרוס פון די באַהאַרטע אויפ'ן גרונט.
קום נעהנטער צו מיין ליפּ, און הער בלויז מ י ך:
אַ זומער־וואָלקען אין דער פלאַם
פון זונענאויפגאַנג איז דיין ברוסט, דער יונגער שטאַם
פון אַ בעראָזע איז דיין דיך,
אַ וואַלד פריהמאָרגענס איז דיין לייב...
פאַרבלייב,
ביז פון דער ווייטען וועט אַ פונקעלדיגער ראָד
זיך גליטשען אויפ'ן וואַסער, און אַ קאַרעהאָד
פון שטערען וועט זיך פיצלען און צעפאַלען
אין בלויע שאָטענדיגע וואַלען —
וועל איך שעפּען פונקען מיט דער האַנט,
און צופען פעדים, און אַ נאַכט־געוואַנט
אַרום אונז ביידען שפּינען
אַזוי געדיכט, אַזוי געדיכט,
אַז ניט צומאָל דער שוים וואָס קריכט
אַרום דיין קנעכעל, וועט אונז אויסגעפינען..

.1919

# שוים

— ווייס־לייביגע, וואָס טוסטו אויפ׳ן געלען ברעג ?
דער ים האָט אויף זיין ווילד געיעג
דיך ערגעץ־וואו געקראָגען,
און לאַכענדיג געבראַכט צו־טראָגען
אויף זיינע שטאַרקע הענט.
איך האָב דערקענט..
דער ים איז אין דיין אויג, די זון איז אין דיין גוף.
איך לעג מיין הייסע באַק אַרויף
אויף דיינע אָרעמס ווי אויף קיהלען עלפענביין,
און גראָב זיך לעבען דיר אין זאַמד... ניין, ניין!
ניט זאָג דיין נאָמען —
איך ווייס: אין גרינע תהומ׳ען
שטעהט דיין פּאַלאַץ פון קאַרעלען און בורשטין,
און דרויסען ביי די דורכזיכטיגע ווענט
שטעהען שוואַרץ־באַהאָרטע אָנגעלעהנט
און גלאָצען דרין
— מיט גרויסע אויגען און מיט פייכטע צונגען —
האַלב מענשען און האַלב פיש....
סוויש־סוויש!
אָט איז אַ וועל אַרויפגעשפרונגען

# ב

שוים
די מיידעל פון די נעבלען
אין טאנץ

די נאַכט געגעהנט,
דער טומעל און דער ווימעל איז צו ענד,
און פון דיין טיעפקייט טוט דיך קלעמען,
אַ יאָמער ווי פון טויבען אין אַ שטורעם,
אַ צער, אי מעהר אי מינדער פון יסורים,
אַ טרער וואָס העננגט, און פאַלט ניט פון די ברעמען.
די נאַכט געגעהנט...

.1920

# די נאַכט גענעהנט

די נאַכט גענעהנט,
שאָטען פלעכטען זיך אויף דיינע הענט,
די פלאַם ווערט שמעלער אין דער מיטען,
אין ברייטער ווערט די אַש אַרום דעם פייער —
האָסטו דיינע זאַנגען אָפּגעשניטען,
האָסטו אַלע גאַרבען אין דיין שייער?
די נאַכט גענעהנט...

די נאַכט גענעהנט,
הויבען אויף זיך שוואַרצע ווענט,
וואו פריהער איז די זון געהאַנגען —
שאַר מיט פינגער פון אַ בלינדען:
פון אַלע דיינע רייכע פאַנגען,
האָסטו אויף אַ ליכטעל אָנצוצינדען?
די נאַכט גענעהנט...

# ביים שוועל

לעבען שוועל אַ היטער וועסטו זיין
און האַרען ביז דער טויער וועט געעפענט ווערען,
און איין טאָג וועסטו בעטען, און אַ צווייטען טאָג באַשווערען,
און אַ דריטען וועסטו זיך באַזויפען מיט דיין פיין,
און זעהן אַ זעהונג ליכטיגער פון זיבען זונען...
און ק י י ן מאָל וועט ניט זיין פאַרגונען
דיר, צו שטעהן אין היילינגטום, צו זעהן דעם לעבעדיגען
פריסטער,
און אין דער שטומקייט, אין דער אויסגעלאָשענקייט דער
וויסטער,
וועסטו הערען קלאַנגען, און דיין אויג וועט ברענען
פון פרייד, און וועסט דיין אייגען קלאַפּען ניט דערקענען...
און אַ קול וועט רופען, ווי עס רופט דעם דורשטיגען אַ טרונק,
און דו וועסט האָרכען, האָרכען — צו דיין אייג'נער צונג...

.1920

# געבונדען

און ווי דו ביסט געלעגען פאַר דיין געץ
אין פרום געבוקט זיך צו דער היילינער געשטאַלט,
איז אַ שפּין אַרויסגעקראָכען פון איהר נעץ
און דיך באַוועבט, און אַ קנופּ דיך האַלט
געבונדען צו דיין אָפּגאָט, קיינמאָל ניט צו שיידען,
ביז דער זעלבער מאָל וועט אויפעסען אייך ביידען...

.1920





# דו ליכטיגער...

מיינע פויגלען זיינען טויט,
און וואָס צערטעל איך דעם נעסט?
מיינע קליידער זיינען מאָיל,
און וואָס טראָג איך זיי צום פעסט?
מיינע אוצרות זיינען זאַמד,
און וואָס אנגסט איך און איך היט?
דו ליכטיגער,
דו ריכטיגער,
באַשייד מיר מיין געמיט.

מיינע טעמפּלען זיינען שטויב,
און וואָס הויער איך דערין?
מיין פּרוכת איז צופוילט,
און וואָס קוש איך דאָס געשפּין?
מיין דערלייזער איז פאַרשוועכט,
און וואָס רוף איך איהם מיין האַר?
דו ליכטיגער,
דו ריכטיגער,
קום זאָג מיר וואָס איך גאהר.

.1920

מולטערלעך און שטיינדלעך פאַלען פון די פינגער,
שמעטערלינגען צאַפּלען און פאַרגעהען —
שיפען מיינע, מאַכט די לאַסטען גרינגער,
לאָזט דעם ווינט אין אַלע זעגלען וועהען.

שמעטערלינגען ליעגען טויטע אויפ׳ן ברעג,
שוואַרצע רופט מען נעכט, ווייסע רופט מען טעג:
ווען וועלען מיינע שיפען קומען?...

.1920

# מיינע שיפען...

אין זיבען ימ'ען שווימען מיינע שיפען,
וואָס וועלען מיר די שיפען ברענגען? —
אַ קרוין פון גאָלד מיט דימענטען געשליפען,
און קמיעות אויפ'ן האַלז צו הענגען.

מולטערלעך און שטיינדלעך ליעגען אויפ'ן ברעג אַ סך,
שפּיעל איך אויפ'ן זאַמד און זינג מיין ליעד און לאַך:
מיינע שיפען וועלען קומען...

---

אין בלאָע הימלען שטעכען מיינע מאַסטען,
אין שוואַרצע תהומ'ען הענגען מיינע נעצען,
די קנופּען פלאַצען פון די שווערע לאַסטען,
עשירות מיט'ן מויל ניט אָפּצושעצען.

פאַנג איך שמעטערלינגען אויפ'ן ברעג,
שוואַרצע רופט מען נעכט, ווייסע רופט מען טעג:
מיינע שיפען וועלען קומען...

---

## א

מײנע שיפען
דן ליכטינער
געבונדען
בײם שװעל
די נאכט געגעהנט

ט



י



יא



יב

ה



ו



ז



ח

# אינהאַלט

א



ב



ג



ד

